א. זארעצקי
באַ דער מיטאַרבעט פון
ק. בעזנאָסיק י. גרינבערג כ. לויצקער

# שפּראַך

## אַרבעט-בוך פאַרן II לערניאָר

דערלויבט פון דער װיסנשאַפטלעך-פּעדאַגאָגישער סעקציע
: : : באַם מעלוכישן װיסנשאַפט-ראַט : : :

צװייטע אויפלאַגע

צענטראַלער פעלקער-פאַרלאַג פון פסס״ר
1930 מאָסקװע — כאַרקאָװ — מינסק 1930



מ) ווער איז דאָס? וואָס טוט ער?

פארשרײַב עס אפן טאָוול. נאָך יעדער פראזע — א פונקט. צעשטעל די פראזעס אין צוויי רובריקעס אזוי:

| ווער? | וואָס טוט? |
|---|---|
| א פויער | אקערט |

| | |
|---|---|
| אַ פויער זייט. | לייבל לויפט. |
| די מאַמע קאָכט. | זאַלמען שפילט. |
| באָרעך שרײַט. | שלוימע לייענט. |

דער טאַטע עסט.
אַ שניידער נייט.
נעכאַמע לאַכט.

צעשטעל די פראזעס אין צוויי רובריקעס אזוי:

| ווער ? | וואָס טוט ? |
|---|---|
| א פויער | זייט |

3

| | |
|---|---|
| אַ וועבער | דרוקט |
| אַ שטעפּער | טאָקט |
| אַ דרוקער | שטעפּט |
| אַ טאָקער | וועבט |

וואָס טוט א וועבער? געפין אין דער לינקער רובריקע דאָס פּאסיקע וואָרט און שרײַב אָן אָט-אזוי:

א וועבער וועבט.

דאָסזעלבע טו מיט די איבעריקע ווערטער פון דער רעכטער און לינקער רובריקע.

| | | | |
|---|---|---|---|
| אַ מענטש | פֿליט | אַ קויל | הירזשעט |
| אַ פויגל | קריכט | אַ הונט | ניאַווקעט |
| אַ פיש | גייט | אַ פערד | הוֹלבעח |
| אַ וואָרעם | שווימט | אַ אינדיק | בילט |

**4**

| | | | |
|---|---|---|---|
| זינגען | זעגערס | פּאַשעט | א פלעדערמויז |
| ביאווקעט | דער שמיד | ברומען | א קאַטשקע |
| קוואַקעט | שיסערס | פליט | א בעקער |
| זעגן | פייגעלעך | שווימט | לייבן |
| שמידט | די קאַץ | קראַקעט | א פאַסטעך |
| שיסן | די הון | באקט | א ראָב |

פאַר יעדן וואָרט פון דער רעכטער רובריקע קלייב-צו א פּאַסיק וואָרט פון דער לינקער רובריקע.

**5**

## אין גאָרטן

אין גאָרטן איז הײַנט לעבעדיק. יעדעס קינד טוט עפּעס. יאַנקל גראָבט קאַרטאָפל, מוישע שיט די קאַרטאָפל אין קוישל. כײַעם טראָגט די קאַרטאָפל אין וואָגן. אפן וואָגן זיצט דער קליי-נער בערקע. ער שרײַט צום פערדל: ניאָ, ניאָ! דאָס פערדל שפּאַנט פּאַמעלעך פון איין בייט צו דער צווייטער.

דער קליינער שלוימקע רייניקט די מערן. פון צײַט צו צײַט פּאַרזוכט ער א מערל. סאָנקע טוט אויך צוויי אַרבעטן: אי זי רייניקט די מערן, אי זי זינגט. פיניע האַקט אַרום די קרויט, און שאָלעם וואַרפט די קאַטשאַנעס צו דער קופּע.

סימכע גרייט שוין א לידל אין וואנטצײַטונג:

בערקע טרײַבט און פערדל גייט,
שאָלעם רייניקט דאָרט די בייט.
פיניע האקט ארום די קרויט,
יאנקל גראָבט און ליפע בויט.
סאָנקע ראמט און מוישע שיט.
ליידיק שטייט דאָ קיינער ניט.

(מ) וואָס טוט יאנקל? וואָס טוט מוישע? א. א. וו.

שרײַב-איבער צו זיך אין ווערטערביכל די ווערטער:
גראָבט, טראָגט, שרײַט, זינגט, טרײַבט.

וועלכע נײַע ווערטער האָסטו זיך דערוווּסט די לעצטע טעג?
פארשרײַב אין „ווערטערביכל פון נײַע ווערטער“.

(מ) (ווײַזן די קינדער ווי צו פירן א „ווערטערביכל“).

**6** ה

שרײַב-איבער די פראזעס און שטרײַך אונטער מענטשן און בהמות מיט איין שטריך און וואָס זיי טוען — מיט צוויי שטריכן. אָט-אזוי: דער שפינער שפינט.

דער שפינער שפינט.
דער שניידער פרעסט. די
קראָ קראַקעט. דער לייב
ברומט. אַ וועשערן וואַשט. אַ
שערער שערט. דאָס לאָשעקל
הירזשעט. די טויב וואָרקעט.

האָלדערט אַן אינדיק. דער
סטאָליער הובלט. קלעטערט
אַ וועווריק. דאָס פֿישל שווימט.
קריכט אַ וואָרעם. אַ העזל
שפּרינגט. דער מאָלער מאָלט.
דאָס קינד זויגט. דער וועבער
וועבט.

גענייט און געשטעפּט, געשפּינט און
געוועבט — און אלץ מיטן צונג.

7

(מ) וואָס טוט מען מיט א לאָפּעטע? מיט א גראָבייזן? מיט א האק? מיט א זעג? מיט אן עקבער? מיט א נאָדל? מיט א פײַל? מיט א הובל? מיט אן אקער? מיט א זיי-מאשין?

| |
|---|
| לאָפּעטע, גראָבײַזן, האק, זעג, עקבער, נאָדל, פײַל, הובל, אקער, זיי-מאשין — זײַנען געצייג |

8

אן אָקס. אן אָדלער. א העלפאנט. א שלײַען. א טיגער. א גאנדז. א העכט. א טויב. א סאָנדיק. אן אינדיק.

(מ) ווו זײַנען דאָ פויגלען, חיות, פיש?

א שער. א טעלער. א בעט. א שטול. א פײַל. אן עמער. א סערפּ. א שפּיגל. א מולטער. א טשײַניק.

(מ) ווי זײַנען דאָ געצײַג, קיילים, מעבל?

(מ) וועלכע נאָך קיילים ווייסטו? וועלכע מעבל?

**9ה**

# א יאריד

אין הארבסט שטעלט זיך בא אונדז אויס א יאריד. ארום־דרייען זיך אפן יאריד איז מײַן לעבן. דאָרטן זעסטו ווי הענד־לערס רײַסן פּויערים פאר די פּאָלעס, כאפּן פערד פאר די צײַמלעך, טאפּן אין די וואָגנס. ציגײַנערס שמײַסן א פערדל. א לאָשעקל פארפּלאָנטערט זיך צווישן די וואָגנס און שטייט אָפּ פון דער קליאטשע. עס לויפן ארום הינט. אין בלאָטע וואלגערט זיך א כאזער.

אפן יאריד האָב איך ליב צו קומען אינמיטן ברען: דאָ שטיי־ען מולטערס און פּעסלעך; דאָרטן—טשײַניקעס, שיס־לעך, קריגעלעך און טעפּ. דערווײַל איז גאָר ניט שלעכט כאפּן א קוק, ווי עס פּאָרט איבערן אָנגעפּאקטן מארק א פורל, פּארטשעפּעט א צווייטן און עס הייבט אָן פאלן א בענקל, א טישל, א שטול, א טאָפּטשאן און אנדערע זאכן.

נאָך האָב איך ליב צו קוקן, ווי עס גייט דאָרט ארום אן אלטיטשקער, ארומגעהאנגען מיט אלערליי געצײַג, רויכערט א לאנגע לולקע און שרײַט: „באלעבאטים, פּויערים, קויפט בייטיקע זאכן! בא מיר קאָנט איר קריגן א זעג און א הובל, א נאָל און א האמער, א פײַל און אן עקבער, א שער און א מעסער; אלץ פאר שוסטערס, אלץ פאר סטאָליערס און אלץ פאר שמידן!"

ניטאָ, דאכט זיך, קיין פריילעכערס פון א יאריד.

צעשטעלט די אויסגעטיילטע ווערטער יעדערן אין זיין פּאסיקער רובריקע:

| מענטשן | כײַעס | געצײַג | קיילים | מעבל |
|---|---|---|---|---|
| | | | | |

**10**

## באָרן, קרויט, ציבעלעס, ווײַנשל, האָבער, אוגערקעס, פּערש-קעס, קאָרן, אַרבעס, קאַרשן.

(מ) ווו זײַנען דאָ פּיירעס, גרינס, טוועס ?

(מ) וואָס פאַר א זאכן זײַנען פאַראַן אין קלאַס ? אין קיך ? אין קאָאָפּעראַטיוו ? באַם טײַך ?
וואָס פאַר א זאכן טוסטו אָן אף זיך ?

| |
|---|
| געצייג, שפּייז, מעבל, קיילים, קליידונג שפּײַכלעך, — זײַנען זאכן |

וואָס פאַר א נײַע זאכן האָסטו געזען די לעצטע טעג? פאַרשרײַב אין העפט.

פאַרשרײַב אין „ווערטערביכל" די ווערטער: ווײַנשל, האָבער, אוגערקעס.

**11**



(מ) וואָס טוט דער שמיד ? דער הונט ? דאָס מיידל ? דאָס יינגעלע ? די מאמע ?

(מ) וואָס טוט דער שנײַדער ?
וואָס טוט דער סטאָליער ?
וואָס טוט א בויער ?
וואָס טוט א וועבער ?
וואָס טוט א וועשערן ?

וואָס טוט א שערער?
וואָס טוט א נייטערקע?
וואָס טוט א פּאָסטעך?

| |
|---|
| נייען, באַקן, בויען, וועבן, וואַשן, שערן, לויפן, שרייַען, מעקען, בילן — הייסט טאָן. דאָס זײַנען אַלץ טוּונגען. |

צווישן אַלע שוסטערס איז דער בעסטער שנײַדער יאָסל דער סטאָליער. ער מאַכט א היטל, ליגט עס אַפן קאָפּ, ווי א הענטשקע.

12

נעמען פולע פורן פאָרן,
פורן פאָרן, פירן קאָרן,
דורך די בערג און דורך די טאָלן,
אין די מילן עס צו מאָלן.
הייבן אָן די ווינטן ווייען,
און די מילן־פליגל דרייען.
מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פון דעם קאָרן ווײַסע מעל.
קנעט דער בעקער מעל מיט הייוון
און פאַרהייצט זײַן גרויסן אויוון,
ברענט דאָס פײַער, שײַטלעך קנאַקן,
נעמט דער ברויט זיך בעסער באַקן.
קויפן מאַמעס ברויט דעם פרישן
און דערלאַנגען אַף די טישן.
עסן קינדער פרישן ברויט,
זײַנען זיי געזונט און רויט.

שרײַב־איבער די אויסגעטיילטע ווערטער אין רובריקעס:

| מענטשן | זאַכן | טוּונגען |
|---|---|---|
| | | |

13

(ס) וואָס וויאַזוי מאַכט מען?
א שטוב בויט מען.

א פאָר שטיוול? ברויט? איינגעמאכטס? פייער? א בריוו?
א שטוב, שטיוול, ברויט, איינגעמאכטס, פייער, א בריוו—זיינען זאכן.
און—בויען, נייען, באקן, פרעגלען, צינדן, שרייבן—וואָס איז?

— וועלוול, וואָס טוסטו?
— איך העלף לייזערן.
— און וואָס טוט לייזער?
— ער זיצט לײדיק.

כאַרשרייב אין ווערטערביכל: שטיוול, וועלוול.

14

צו יעדער שורע פון דער רעכטער רובריקע קלייב צו די פאַסיקע שורע פון דער לינקער.

| | |
|---|---|
| שטיוול נייט מען | מיט אַ פּרעס. |
| אַ בייט גראָבט מען | מיט אַ האַק. |
| אַ בריוו שרייבט מען | מיט אַ נאָדל. |
| אַ פעלד אַקערט מען | מיט אַ גראָבאײַזן. |
| קליידער פּרעסט מען | מיט אַ פּען. |
| האָלץ האַקט מען | מיט אַן אַקער. |

| | |
|---|---|
| צוועקעס קלאַפּט מען | מיט א סערפּ |
| האָלץ זעגט מען | מיט א צוואַנג |
| א ברעט הובליעט מען | מיט אן עקבער |
| לעכער בויערט מען | מיט א האמער |
| גראָז שניידט מען | מיט א זעג |
| צוועקעס שלעפּט מען | מיט א הובל |

15 ה

מײַן אָורעמעלע איז נאָך קלײן, איז נאָך קלײן.
פֿון פֿיר גרעזלעך מיט א בלעטל
האָט ער זיך געמאכט א בעטל,
שלאָפֿט ער דאָרט.
פֿון א שאָלעכץ פֿון א ניסל
האָט ער זיך געמאכט א שיסל,
וואשט זיך אײַן.
פֿון א פֿעדער מיט א קווייט
האָט ער זיך געמאכט א קלייד
און שפּאצירט.
פֿון א שײנעם רויטן עפּל
א קלײן היטעלע אפֿן קעפּל
זיך געמאכט.
פֿון דער לאנגער גאס, פֿון דאָרטן,
לויפֿט ער יעדן טאָג אין גאָרטן
גאָר אלײן.

שרײַב-איבער די זאכן און די טוונגען אין צוויי רובריקעס אזוי:

| טוונגען | זאכן |
| --- | --- |
| | |

פֿארשרײַב אין ווערטערביכל: בלעטל, בעטל, ניסל, שיסל.



דאָס ייִנגעלע האָדעוועט דאָס קעלבל מיט ברויט, עסט דאָס קעלבל געשמאַק.

דער טאַטע פויעט דעם פערד באַם ברונען, באַם ברונען טרינקט דער פערד בעסער.

מוישע צינדט אָן די ליכט. די ליכט ברענט גוט.

שאָלעם וואַרפט אַ שטיינדל אַפן דאַך און דאָס שטיינדל פאַלט צוריק.

ער טרײַבט דעם פערד מיט אַ בײַטש און דער פערד לויפט.

די מומע לייגט דאָס קינד אין וויג; אין וויג ליגט דאָס קינד שטיל

איך שטעל דעם לאָמפּ אַפן טיש. דער לאָמפּ שטייט אַפן טיש.

מיר פאָרן מיטן באַן. דער באַן פירט אונדז.

(מ) וואָס טוט די באָבע? (זי האָדעוועט די ציג).
וואָס טוט די ציג? (די ציג עסט) א. א. וו.

**17** (אוקר.)

אונטערן דאך שטייט א האָן.
היִנטערן שטוב שטייט א שטאל.
די קראָפּעווע בליט ערשט איצט אין הארבסט.
דער פּאָנעם איז בא אים רויט ווי בלוט.
ווען איז נאָך אזוי גוט ווי אים?
די מאמע גיט אים שטארק נאָך.
די פּאס איז פּול מיט וואסער.
עפּעס פּיל איך א ווייטעק אין פּוס.
די פּויערים פּירן גרויסע פּורן סנאָפּעס.
איך האָב געפּונען א גרויסן נוס.
איך ביס ווי אייבער, וואָס שמעקט טאבעק.
קריג מיר אפּן מארק א ליימענעם קרוג.

שרייַב-ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מיט א וואָוו (ו) | מיט א יוד (י) |
| --- | --- |
| | |

**17** (ליטוו.)

שרייַב-איבער אין צוויי רובריקעס; אין איין רובריקע די פראזעס מיטן וואָרט מיר אָדער דיר, אין דער אנדערער — די פראזעס מיטן וואָרט מיך אָדער דיך.

אינדערהיים האָדעוועט מען
איב ראַק מיט קאַשע. שוין אַ
וואָק, אַז מע גיט איר ראַק קאַשע.

איך בין נעכטן בײַ דיר צווײ
מאָל געווען. בײדע מאָל האָב
איך דיך ניט געטראָפֿן.
דו וועסט ניט אויפֿהערן מיך
טשעפּען? אָט נעם איך דיך און
פֿיר דיך אַרויס.
איך זע דיך און דו זעסט מיך.
דו האָסט מיר געגעבן אַ פּען
און איך גיב דיר פּאַפּיר.

18 ה

| | |
|---|---|
| דער שנײַדער . . . . בֿא דער מאַשין און נײט. | זיצט |
| דער בעקער . . . . אַרײַן בֿרויט אין אויוון. | זעצט |
| דער גלעזער . . . . אַרײַן אַ שויבֿ. | שטײט |
| אַ בֿושל . . . . אױף אײן פֿוס. | שטעלט |
| די מאַמע . . . . דאָס קינד שלאָפֿן. | ליגט |
| דאָס קינד . . . . אין וויגעלע. | לײגט |

פֿון די ווערטער אין דער לינקער זײַט קלײַבֿ-אויס די פּאַסיקע און שטעל אַרײַן אין די ליידיקע ערטער.

פֿאַרשרײַבֿ אין ווערטערביכל: אויוון, בֿושל, וויגעלע.

19

(מ) דערציילל, ווי הייצט מען אין אויוון? ווי באַקט מען אויס ברויט? ווי גראָבט מען קאַרטאָפּל? ווי שמידט מען אונטער א פערד?

וואָסערע זאכן נעמט מען דערצו און וואָס טוט מען מיט זיי?

פאַרשרייַב, וועלכע נייַע ווערטער האָסטו זיך דערוווּסט די לעצטע טעג.

20 (אוקר.)

דעם פעטערס גאנצע ג ע ז י נ ד איז ניט ג ע ז ו נ ט.
ד ו, כאווע, טרייַב ד י בעהיימע, און ד ו האָדל—ד י קעלבלעך.
ו ו איך לערן און ו י איך לערן—ווייס איך שוין.
ו ו צוויי — איז ע ר א דריטער.
ט ו, ו ו י ד ו פאַרשטייסט.
ז ו ך אוף דעם שליסל.
די שאָלעכץ נעם דו פאַר זיך, און די יאָדערן וועל איך זיך נעמען.

זעץ זיך צו דער מאשין און צי אָן די וויַיסע פאָדעם.
צ י ד ו ביסט ש ט ו ם, צ י ד ו ווילסט צו מיר ניט ריידן, צ י ד י ש ט י ם איז בא ד יר קאליע?

שרייַב-ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס.

| מיט א וואָוו (ו) | מיט א יוד (י) |
| --- | --- |
| | |

20 (ליטוו.)

— ווער האָט מיך גערופן?
— איך האָב דיך גערופן. איך דאַרף דיך האָבן. איך וויל דיר איבערגעבן, דו זאָלסט צוגרייטן מיט די אָקטיאַבערלעך א דעקלאמאציע.
— גוט, וואָס נאָך ווילסטו מיר זאָגן?
— אז דו וועסט זען יענטלען, זאָלסטו איר זאָגן, אז איך רוף זי.

— אף וואָס דאַרפסטו זי?
— שיק זי צו מיר, וועל איך איר אויך געבן אַן אַרבעט.
— וואָס פאַר אַן אַרבעט וועסטו איר געבן?
— צונויפשטעלן מיט מיר צוזאַמען דעם פּלאַקאַט.
— גוט, איך וועל זי אופזוכן און איר זאָגן, אַז דו רופסט זי.

שרײַב-איבער און שטרײַך אונטער מיר, דיר, איר—מיט איין שטריך און מיר, דיך, זי—מיט צוויי שטריכן.

**21** ח (אוקר.)

שרײַב-איבער און דערשרײַב די פאַרפעלטע ווערטער.

איך האָב ביז הײַנט
אַ גאַנצן טאָג... | געזיכט
אויף אַ פּאָנעם ליגט
מען אָפטמאָל... | געזוכט

אונדזער... באַשטייט
פון 6 מאַן... | געזונט
איך בין געווען
שטאַרק ניט.... | געזינד

אַ בוק דאַרף ליגן

אַפן טיש. ניט...טיש | אונטערן

ווי קען איך זען,

וואָס טוט זיך...איר | הינטער

...וווינט ער? אין דאָרף | ווי

...לעבט ער? ניט שלעכט | ווו

דער...איז...מיט וואַסער | קרוג

פול

פון...זיך קומט קיין גוטס ניט אַרויס | קריגן

21 ה. (ליטוו.)

דערשרייַב קעגן דעם וואָרט מיר — דיר, און קעגן דעם וואָרט מיך — דיך.

| | |
|---|---|
| דו גייסט צו מיר | איך גיי צו . . . . |
| דו זעסט מיך | איך זע . . . . . |
| דו פרעגסט מיך | איך פרעג . . . . |
| דו ענטפערסט מיר | איך ענטפער . . . |
| דו דערציילסט מיר | איך דערצייל . . . |
| דו קוקסט אף מיר | איך קוק אף . . . |

דו רופסט מיך          איך רוף . . . . . .
דו שלאָגסט מיך          איך שלאָג . . . . .
דו כאפּסט מיך          איך כאפּ . . . . . .
דו גייסט מיט מיר          איך גיי מיט . . . .

22

## א מײַסע מיט א לייב און מיט א מויז

א לייב איז געשלאָפן. איז אים דורכגעלאָפן איבערן קערפּער א מויז. האָט זיך דער לייב אופגעכאפּט און געכאפּט די מויז. נעמט די מויז בעטן, דער לייב זאָל זי אָפּלאָזן. אז דו וועסט מיך אָפּלאָזן, זאָגט זי, וועל איך דיר אויך אמאָל אָפּטאָן א טויווע. לאכט דער לייב: וואָס פאר א טויווע קען איך האָבן פון דיר? פונדעסטוועגן האָט ער די מויז אָפּגעלאָזן.

שפּעטער איז דער לייב אריַינגעפ... א יעגער. דער יעגער האָט אים צוגעבונדן מיט א שטריק צו א בוים. די מויז האָט דערהערט, ווי דער לייב ברומט, איז זי געקומען. זי האָט איבערגעגריזעט דעם שטריק און דער לייב איז געוואָרן פריַי. זאָגט די מויז: געדענקסט, דו האָסט געלאכט? איצט זעסטו, אז איך קען דיר אויך א טויווע טאָן.

(מ) וויפל מאָל שטייט דאָ א לייב? וויפל מאָל — דער לייב? וואָס שטייט פריִער?
וויפל מאָל א מויז? וויפל מאָל די מויז? וואָס שטייט פריִער?
זוך אוף א יעגער און דער יעגער. וואָס שטייט פריִער?
זוך אוף א שטריק און דעם שטריק. וואָס שטייט פריִער.

3

א לייב איז געשלאָפן.
דעם ערשטן מאָל ווייסן מיר נאָך ניט, וואָס פאר א לייב.

| | |
|---|---|
| האָט זיך דער לייב אופגעכאפּט... | איצט ווייסן מיר שוין וואָסער לייב. |
| דער לייב זאָל זי אָפּלאָזן... | |
| לאכט דער לייב... | |
| שפּעטער איז דער לייב אריַינגעפאלן... | |
| ווי דער לייב ברומט... | |

שריַיב-ארויס פון דער מײַסע אלץ, וואָס רעדט זיך וועגן דער מויז און שטריַיך אונטער א מויז מיט א שטריך און די מויז מיט צוויי שטריכן.

א זאַך, וואָס מע ווייס נאָך ניט, הייסט אן אומבאשטימטע
א זאַך, וואָס מע ווייס שוין, הייסט א באשטימטע

א לייב איז געשלאָפן—אומבאשטימט
האָט זיך דער לייב אופגעכאפט—באשטימט

א — אומבאשטימוואָרט
דער / די / דעם } באשטימווערטער

24 ה

שרײַב-איבער און שטרײַך אונטער די אומבאשטימטע מענטשן, כײַעם און זאכן מיט איין שטריך און די באשטימטע מענטשן, כײַעס און זאכן מיט צוויי שטריכן.

א דעמב איז אין וואלד געוואקסן—האָט מען דעם דעמב אויסגעהאקט.

לעם אונדז וווינט א סטאָליער—האָט אונדז דער סטאָליער געמאכט א טיש.

א האָן איז געזעסן אפן פארקן. דער האָן האָט געקרייט.

מומינקע, וויפל קאָסט א בייגל? דער בייגל מיט מאָן קאָסט 5 קאָפּיקעס.

איך האָב א זעג. די זעג איז מיט שארפע ציינדלעך.

אפן בוידעם זיצט א טויב. די טויב איז ניט מײַנע.

זעסט אָן דאָרט א קעלבל? דאָס קעלבל איז אונדזערס

א קינד איז געשפרונגען. איז דאָס קינד געפאלן.

איך האָב באגעגנט א מיידעלע. דאָס מיידעלע איז מײַן באווערטע.

בא אונדז איז דאָ א קאץ. די קאץ ביאוקעט א גאנצן טאָג.

פארשרײַב אין ווערטערביכל: אונדז, מומינקע, בוידעם.

**25**

לייען-איבער נאָך א מאָל דאָס ליד פון נומער 12 און שרייַב-ארויס די באשטימטע און די אומבאשטימטע מענטשן און זאכן. די אומבאשטימטע שטרייַך אונטער מיט איין שטריך, די באשטימטע — מיט צוויי.

| | |
|---|---|
| דער<br>די<br>דעם<br>דאָ | } באשטימווערטער |

| | | |
|---|---|---|
| דער טאם | די מאמע | דאָס קינד |

**26**

(מ) א רעטעניש.

זיצט א צווייפוס אף א דרייַפוס, האלט אן איינפוס. קומט א פירפוס, כאפט דעם איינפוס. לויפט דער צווייפוס, יאָגט דעם פירפוס, פאלט דער דרייַפוס.



(דער צווייפוס איז א שוסטער, דער דרייַפוס— א בענקל, דער איינפוס — א שוך, דער פיר-פוס—א הונט).



דערצייל, וואָס איז פאָרגעקומען מיטן שוסטער.

שרײַב-אַרויס רעכטס די ווערטער, וואָס פאַר זיי שטייט אַן אומבאַ-שטימוואָרט, און לינקס — די ווערטער, וואָס פאַר זיי שטייט אַ באַשטימוואָרט.

געפלויגן אַ טויב און אַ הונט איז
געזעסן אפן עק.
ווי קען עס זײַן?

[illegible]
[illegible]

27 ה

שרײַב-אויף אַ מײַסע וועגן אַן עקסקורסיע.

לייען זי איבער אַליין פאַר זיך אפן קאָל, און זע, צי זי איז גוט אויפ-געשריבן. שטרײַך-אונטער די אומבאַשטימווערטער מיט איין שטריך און די באַשטימווערטער — מיט צוויי.

28

מיר גייען אף אַן עקסקורסיע.
די מאַמע האָט געמאַכט אַן אָרדענונג אין שטוב.
אַ פייגעלע זיצט אין אַ שטײַגעלע.
אונדזער שול האָט געקויפט אַ האַק אַן אַנטיק.
אָן וואַסער קאָן אַ פיש ניט לעבן.
ביים אַן איבערײַס עפענען מיר אַ לופטיקל.
אַן אַרבעטער האַלט אַן עפל אין האַנט.
דעם זיבעטן נאָיאַבער וועט זײַן בא אונדז אַן אָוונט,
אַ הון האָט געלייגט אַן איי אין אַ וואָג היי.
צי וועט גיין בא דיר דײַן אַקער, ווי אַן אַקער גייט?

שרײַב-אַרויס די ווערטער מיט אַ — אַן. בא אַמאַך אַ באַסיקל אַרבן בא אַן מאַך אַ פאַסיקל אונטן, אָט אַזוי:

| | | |
|---|---|---|
| אַ פייגעלע<br>אַן עקסקורסיע | אַ<br>אַן | —אומבאַשטימווערטער |

29

אף מײַן בייטעלע איז אויסגעוואַקסן אַן אוגערקע אַן אַנטיק.
אַ נאַכט האָב איך אין שטאָט פאַרבראַכט.

נאָך אן ארבעט עסט זיך געשמאק.
איך האָב צעקנאקט א ניסעלע.
מײַן ברודער איז א נאשער.
אן אָדלער פליט הויך.
מיט א נאָז שמעקט מען.
א פייגעלע בויט א נעסט.
אונדזער קעצל האָט א נאָמען מאשקע.
איך האָב פאר יעדער זאך אן אָרט.
יעדע פארגעבונג האָט א נומער.
אן עמעס בלײַבט אן עמעס.
כוך מיר האָט מײַן זיידע נאָך אן אייניקל.

שרײַב-ארויס אין צוויי באזונדערע רובריקעס די ווערטער מיט **א** און **אן**.

| אן | א |
|---|---|
| אן אוגערקע | א נאכט |

פארשרייב אין ווערטערביכל; געסט, נומער, אייניקל.

**30 ה**

שרײַב-איבער און אנשטאָט די פינטל ןך שטעל אָדער **א** אָדער **אן**, ווי דו פארשטייסט.

פון . . ליג ביז . עמעס א . . . אונטערשייד.
יענעם געבן . . . אייצע איז . . . לײַכטע זאך.
אפן טעלער ליגט . . . אוגערקע און אין שיסל ליגט . . . מערעלע.
הײַנט האָב איך געטראָגן . . . עמער וואסער פול ווי . . . אויג.
. . . אויער דערהערט, וואָס . . . מויל רעדט.
. . . אלטער מאן גייט מיט . . . שטעקל און טאָפטשעט זיך אף . . . אָרט.
. . . ארבעטער און . . . פויער זײַנען צוויי ברידער.
מײַן פעטער האָט . . . זון און . . . טאָכטער.

31 (מ)



ציילן ביז 10.

איין גאָפּל, צוויי גאָפּלען, דריי גאָפּלען . . .

איין שטול, צוויי שטולן . . .

איין פּאַרטע . . .

איין טינטער . . .

איין קאָפּיקע . . .

איין מענטש . . .

איין קינד . . .

איין ברודער . . .

איין קאַץ . . .

איין מויז . . .

| |
|---|
| איין מענטש, איין כייע, איין זאַך . . . . . . . . א י נ צ א ל |
| מער ווי איינס . . . . . . . . . . . . . . מ ע ר צ א ל |

| | |
|---|---|
| טיש — איינצאָל | ברודער — איינצאָל |
| טישן — מערצאָל | ברידער — מערצאָל |

מאָל אויס: א קאַץ — קעץ

א הונט — הינט

א קינד — קינדער (יעדערער מאָלט אַנדערע זאַכן).

32 (מ)

סימעס טאטע איז רײַכער פאר מײַנעם. זײער מישפּאָכע באַשטײט אינגאַנצן פון פינף מענטשן און זײ פאַרנעמען פיר צימערן מיט א קיך. בא אונדז זײַנען פיר קינדער, דער טאטע און די מאמע און מיר פאַרנעמען נאָר אײן צימער. די קיך איז אױף דרײַ שכײנים א שותּפעסדיקע. זײ האָבן פיר בעטן, צװײ שאפעס, אסאך שטולן, צװײ שפּיגלען, דרײַ דיװאַנען, דרײַ טישן און א פּאָר קלײנע טישעלעך. בא אונדז — צװײ בעטן, אײן טיש, אײן אלטע שאפע, פיר שטולן, אײן טאָפּטשאַן און א שירמע. קײן שפּיגל האָבן מיר גאָרניט. זײ האָבן צװײ מעשענע סאמאָװארן און אײנעם א ניקלענעם סאמאָװאר, אסאך גאָפּלען, לעפל, מעסערס, טעלער און שיסלען. בא אונדז זײַנען די אלע זאכן װײניקער און ערגער. מיר האָבן נאָר אײן ציגעלע און א האָן מיט פיר הינער. זײ — א פערד, א בעהײמע, קאטשקעס, אינדיקעס און אסאך הינער.

שרײַב־איבער די אויסגעטײלטע װערטער אין צװײ רובריקעס אזוי:

| אײנצאָל | מערצאָל |
|---|---|
| קיך | צימערן |

33 ה

שרײַב־אראָפּ און דערשרײַב די פּאָרפּעלטע װערטער.

| | | |
|---|---|---|
| אײן פּארטע — דרײַ פּארטעס | צװײ טײַכלעך | — אײן טײַכל |
| אײן העפט — צװײ . . . . | צװײ ברעטער | — אײן . . . |
| אײן װירע — צװײ . . . . | דרײַ ציגן | — אײן . |
| אײן פּען — פינף . . . | פינף גלעזער | — אײן . . . |
| אײן קארטע — דרײַ . . . | אסאך װעלף | — אײן . . . |
| אײן שאפע — צװײ . . . | צװײ לידער | — אײן . . . |
| אײן פּאָליצע — עטלעכע . . | זעקס גאָפּלען | — אײן . . . |

איין שויב — זעקס . . . זיבן מעסערס —איין . . .
איין רינווע — צוויי . . . פיר לעפל —איין . . .
איין העמד — עטלעכע . עטלעכע שטיינער —איין . . .

**34**

הײַנט איז א שיינער טאָג. ניט נאָר הײַנט — שוין א גאנצע וואָך, ווי עס שטייען שיינע טעג.
אָן שטייט א פושקע מיט ווערעם. נעם א וואָרעם און טשעפּע אָן אף דער ווענטקע.
פון אלע מיידלשע נעמען געפעלט מיר דער נאָמען מײַנע.
עס איז פארבליבן נאָר איין גלאָז, די איבעריקע גלעזער האָט מען צעבראָכן.
מאקאראָווקע איז דאָס רײַכסטע דאָרף פון אלע ארומיקע דערפער.
אונדזער יונגער האָן פארפיקט די שכיינישע הענער.
מײַן טאטע האָט איין טאָכטער; זאלמענס טאטע האָט צוויי טעכטער.
אין סאָוועטן-לאנד זײַנען פאראן אסאך גרויסע שטעט; מאָסקווע איז די גרעסטע שטאָט.
הינטער אונדזער גאָרטן הייבן זיך אָן די דאָרפישע גערט-נער.
פּיניע איז א מענטש מיט א קאָפּ; אין זייער מישפּאָכע זײַנען אלע — מענטשן מיט קעפּ.

שרײַב-איבער די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| איינצאָל | מערצאָל |
| --- | --- |
| טאָג | טעג |

פארשרײַב אין ווערטערביכל: טעג, גלעזער, אונדזער.

35
דיקטאט (אין סאָף בוך).

36 ה

האָב איך א פּאָר אָקסן, אָקסן,
וואָס זיי בראָקן לאָקשן, לאָקשן,
אוי, ווונדער איבער ווונדער,
ווי די אָקסן בראָקן לאָקשן,
דאָס איז מיר א ווונדער.

האָב איך א פּאָר הינט, הינט,
וואָס זיי מאכן טינט, טינט.

האָב איך א פּאָר בערן, בערן,
וואָס זיי שטיבער קערן, קערן.

האָב איך א פּאָר ציגן, ציגן.
וואָס זיי קינדער וויגן, וויגן,

האָב איך א פּאָר הענער, הענער,
וואָס זיי קלײַבן שפּענער, שפּענער.

האָב איך א פּאָר קעצלעך, קעצלעך,
וואָס זיי באקן פלעצלעך, פלעצלעך.

האָב איך א פּאָר פייגעלעך, פייגעלעך,
וואָס זיי באקן בייגעלעך, בייגעלעך.

שרײַב-ארויס אלע מערצאָלן, און דערשרײַב די איינצאָלן, אזוי:
אָקסן — אן אָקס.

פארשרײַב, וועלכע נײַע ווערטער האָסטו זיך דערוווּסט די לעצטע טעג.

37

פונוויטנס זעט מען א גרויסן ב א ר ג און דרײַ קלענערע
ב ע ר ג.

איין ג א נ ד ז פליט פריִער און הינטן פליט א גאנצע סטאדע
ג ע נ ד ז.

אלע שרײַבן נאָר מיט איין האנט, עטל קען שרײַבן מיט ביידע הענט.

אף איין וואנט הענגען בילדער, און דרײַ ווענט זײַנען ליידיק.

בא אונדז איז דאָ דרײַ העק, איז איין האק א טעמפּע.

די גרויסע באנק איז אזוי לאנג, ווי צוויי אנדערע בענק.

עס פאלט א בלאט נאָך א בלאט, און אזוי ווערט די ערד באדעקט מיט בלעטער.

איין דאך איז געדעקט מיט שינדלען; די איבעריקע דעכער — מיט בלעך.

צווישן די צעבראָכענע פלעשער ליגט איין גאנצע פלאש.

עס שרײַט די גאנצע סטאדע קעלבער, נאָר איין קאלב איז רויק.

פון אלע לענדער קומען אין אונדזער לאנד דעלעגאציעס.

שרײַב עס איבער. די אויסגעטיילטע ווערטער צעשטעלט אין צוויי רובריקעס:

| איינצאָל | מערצאָל |
|---|---|
| בארג | בערג |

38

טראכט-צו א קורצינקע מײַסעלע מיט די ווערטער:

הארבסט, וואלד, בלעטער, ווילדע גענדז, ווארעמע לענדער, בערג, יעגער, ביקס, האנט, פוקס, הונט, געשאָסן, אראָפּגעפאלן.

39 ה

סע בלאָזן ווינטן און סע גייען רעגנס.
קלעפּ פארגייען און ווערטער באשטייען.
מע ווייס ניט וועמען די שיך קוועטשן.
א יעגער האָט פארטריבן א וואָלף אין נעץ.

נײַע קיילים און פול מיט לעכער.
א פראָסט מאכט א בריק אָן א האַק און אָן א האַנט
א נאַשער קוקט אלעמאָל אף דער פּאָלעצע.
מיט די מײַלער—בעריעס, מיט די הענט—סטאָפּ.
וואָס שטומע דערײדן ניט, דערמאכן זיי מיט די
קעפּ.

שרײַב-אראָפּ די אויסגעשטיילטע ווערטער, מאך איבער פון איינצאָל אין מערצאָל און פון מערצאָל אין איינצאָל.

4)

| מערצאָל | איינצאָל |
|---|---|
| א ברודער | ברידער |
| א זון | זין |
| א הונט | הינט |
| א קו | קי |
| א הון | הינער |
| א פוס | פיס |
| א שוך | שיך |
| א נוס | ניס |
| א טוך | טיכער |
| א גרוב | גריבער |
| א שטוב | שטיבער |

(מ) דער לערער זאָגט איינצאָל, די קינדער ענטפערן מערצאָל:

א האָן און א הון
א אָקס און א קו
א ברודער און א שוועסטער
א האַנט און א פוס
א זון און א טאָכטער
א קינד און א ברויטער
א מענטש מיט א קאָפּ
א סאָד און א גאָרטן
א פעלד און א וואלד
א בארג און א טאָל
א קאַץ און א מויז
א הויז און א מויער
א טאָג און א וואָך
אן ארבעטער און א פויער

**41**

| | |
|---|---|
| אפן יאריד האָבן זיך אויסגעשטעלט אסאך . . . | שטולן |
| א גאנצן טאָג . . . די פויערים ווייץ אין מיל | ברידער |
| איך וועל זיך באָדן אינעם וואסער אינעם . . . | ברודער |
| באַ דעם טײַכל, באַ דעם . . . | קילן |
| כעוורע האָבן זיך געמאכט א צוג פון איבער- | פירן |
| געקערטע . . . | שטילן |
| איך האָב א ייִנגערע שוועסטער און א עלטערן. . . | פורן |
| ער האָט איין שוועסטער און צוויי . . . . | פיס |
| מײַן פעטער האָט איין טאָכטער און צוויי . . . | שיך |
| זײַן טאָכטער איז א פּיאָנערקע און דער . . . | זון |
| א קאָמיוגיסט. | פוס |
| טו נאָר א שפרונג אף איין . . . . | שוך |
| ער האָט געכאפּט די . . . . אף די פּלייצעס. | זין |
| קיינער ווייס ניט וועמען דער . . . . קוועטשט. | |
| וואַרפט אראָפּ די . . . . און זאָקן | |

קלײַב-אויס דעם פאסיקן וואָרט פון דער לינקער זײַט און שטעל אפּן לײדיקן אָרט פון דער רעכטער זײַט.

**42 ה**

שרײַב-אויף, ווי איר גרייט זיך צום אָקטיאַבער-יאָנטעוו. לייען עס איבער פאר זיך און זע, צי עס געפעלט דיר. פאריכט, וווּ דיר געפעלט ניט. שטרײַך אונטער די איינצאָלן מיט איין שטריך און די מערצאָלן מיט צוויי שטריכן.

**43**

איך האָב געזען זײַן ב ר ו ד ע ר.
ער האָט נאָך א ב ר ו ד ע ר ל.
אז מע גייט, דארף מען פארמאכן די ט י ר.
דאָס ט י ר ל פון שטײַג האָט זיך געעפנט.
זי שלאָפט אף אַן אײַזערנער ב ע ט.
אף א צוזאַמענגעלייגטן ב ע ט ל איז גוט צו שלאָפן.
נעם דאָס מ ע ס ע ר און שנײַד ברויט.
איך וועל שנײַדן ברויט מיט א מ ע ס ע ר ל.

אפן טיש ליגן די ביכער.
די העפטן ליגן אפן טישל.
איבערן טײַך גייט א שיף.
אף אונדזער טײַכל קאָן מען פאָרן נאָר אף א שיפל.

מע דארף ארײַנשטעלן א פענצטער.
ער קוקט ארויס פון א פענצטערל.
א פערד האָט מוירע פאר א בײַטש.
יאנקל איז א פערדל און בערל טרייבט אָן מיט א בײַטשל.

מיר וויגן זיך אף א ברעט.
איך האָב געפונען אפן הויף א ברעטל.

שרײַב ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס, אָט אזוי:

| ברודער | ברודערל |
| --- | --- |
| | |

פארשרײַב אין ווערטערביכל: געזון, געעפנט, פענצטער, בײַטש.

41

די טויב האָדעוועט דאָס טײַבעלע.
די הון רופט דאָס הינדעלע.
א הויך גראָז פארשטעלט דאָס גרעזעלע.
דאָס שוועלבעלע פליט צו דער שוואלב.
דאָס וועלפעלע לערנט זיך באם וואָלף.
לעם דער גרויסער קראָם שטייט א קרעמעלע.
דאָס ביכעלע ליגט הינטערן בוך.
דורכן פענצטער זעט מען א שטוב מיט א דאך מיט א גרינער טיר.
א ייִנגל האָט אויסגעמאָלט א שטיבעלע מיט א דעכעלע און מיט א גרינעם טירעלע.

שרײַב אַרויס די אויסגעטײלטע ווערטער אין צוויי רובריקעס, אָט אַזוי:

| טײַבעלע | טויב |
| --- | --- |
| | |

מאָל אויס א שטוב, א שטיבל און א שטיבעלע
א גלאָק, א גלעקל און א גלעקעלע
א קאַסטן, א קעסטל און א קעסטעלע

א. א. וו.

(יעדערער מאָלט באַזונדערע זאַכן).

45 ה

יאָסי לויפט מיט א רײף. בײַ מאַניען איז דאָ א רײפל. בײַ ערעך האָט געפונען א רײפעלע.

אין מאַרק האָב איך געזען א גרויסן הונט. בײַ וואַניען איז אַנטלאָפן זײַן הינטל. איך האָב ליב א הינטעלע.

פויערים זעגן האָלץ מיט א ברייטער זעג. מיט א זעגל קאָן מען שנײַדן דינע ברעטער. א ברעטעלעך קען מען צעזעגן מיט א זעגעלע.

לויפט אין פעלד א האָז. לעם אים א קלענער העזל. נאָך זיי — א פיצל העזעלע.

כאַפט ער א באַנק צו דער הרובע, בענקל אויף דער באַנק בענקעלע אויף בענקל.

אין זאָאָלאָגישן גאָרטן האָב איך געזען א לייב אין א שטײַג, א פוקס — אין א שטײַגל און א קאַנאַריקל — אין א שטײַגעלע.

בײַ לייזערן אין מיל הענגט א קויש מיט א קוישל מיט א קוישעלע.

אין קאַסטן שטייט א קעסטל. אין קעסטעלע.

צעשטעל די אויסגעטיילטע ווערטער אין 3 רובריקעס, אָט אזוי:

| רייף | רייפל | רייפעלע |
| --- | --- | --- |
| | | |

46

איך זיץ ניט ליידיק אינדערהיים:
האָב איך צייט נאָר — נעם איך ליים,
כ'קלעפּ א פייגעלע מיר אויס,
מאך א מײַזל ניט קיין גרויס
פון מײַזעלע, ניט לאנג געטראכט,
ווערט א ציגעלע געמאכט.
איך מאך א מענטשעלע דערפון.
און וואָס איך וויל! און אף דער זון
טריקן איך מײַן ארבעט אויס.

(מ.) וואָס איז גרעסער: א פויגל צי א פייגעלע?
א מויז צי א מײַזעלע?
א ציגעלע צי א ציג?
א מענטש צי א מענטשעלע?



# א הויז איז גרעסער
## א הײַזל איז קלענער
א הײַזעלע איז נאָך קלענער

**47**

(מ) דער לערער זאָגט א פראזע מיט גרונטפאָרמע, די קינדער ענטפערן מיט פארקלענער-פאָרמע:

א גרויסער הונט

א קלײן הינטל

א קלײנינק הינטעלע

א גרויסע קאַץ . . . .
א גרויסער האָן . . . .
א גרויסע הון . . . .
א גרויסע טיר . . . .
א גרויסע טײַך . . . .
א גרויסע ברעט . . . .
א גרויסע פוס . . . .
א גרויסע שיף . . . .

א גרויסע האנט . . . .
א גרויסע גאנדז . . . .
א גרויסע בארשט . . . .
א גרויסער באָק . . . .
א גרויסער שוך . . . .
א גרויסער לאָמפּ . . . .
א גרויסע נאָז . . . .
א גרויסע שטוב . . . .

**48** ה

שרײַב איבער און דערשרײַב די פארפעלטע ווערטער

| | | |
|---|---|---|
| טײַך | טײַכל | טײַכעלע |
| בארג | | |
| טויב | טײַבל | |
| | מײַזל | |
| | | הענטעלע |
| | | שטיינדעלע |
| | ביינדל | |
| | הענדל | הענדעלע |
| | | הינדעלע |
| צונג | צינגל | |

49

# דאָס קעצעלע

באַ אונדז פאַראַן א
קעצעלע
א קליינינקס אזא-אָ:
די מאמע זאָגט — דאָס טויג
אונדז ניט
מיר אָבער טויג עס יאָ.

אזוי איז דאָס א שווארצינקעס,
נאָר פּיסעלעך ווײַס ווי
שניי
צוויי גלאנציק-קליינע וואָנ-
צעלעך,
וואָס שטענדיק פּוצט עס זיי.

די מאמע האָט דאָס קעצעלע
פאר מײַזעלעך געבראכט —
שפּילט עס זיך א גאנצן טאָג
און שלאָפט זיך נאָר באנאכט.
אך, איז דאָס א לעבעדיקס!
איך שפּיל מיט דעם אין
„האָפּ“,
עס דראַפּעט מיר די הוי-
זעלעך
און קריכט מיר אפן קאָפּ.
איך קיצל דעם אין אויערלעך.
די גלאַטינקע ווי פּליוש,
פארמאכט זיך עס די אויגעלעך
דאן גלעט איך זיי און קוש.

עס זוכט מיך אין דעם אויוועלע,
אין קריגעלע, אין טאָפּ.
און פון דער הויכער פּאָלעצע
מיר פאלט עס אפן קאָפּ.

(מ) דער לערער לייענט פאָר די אויסגעטיילטע ווערטער און פרעגט וועגן יעדער וואָרט, צי איז עס איינצאָל צי מערצאָל:

קעצעלע — איינצאָל צי מערצאָל? וויאזוי מערצאָל?
פּיסלעך — איינצאָל צי מערצאָל? וויאזוי איינצאָל?

פארשרײַב אין ווערטערביכל: אונדז, שטענדיק, אויוועלע, פּאָלעצע.

| | |
|---|---|
| קאץ | קעץ |
| קעצל | קעצלעך |
| קעצעלע | קעצעלעך |

| | |
|---|---|
| פוס | פיס |
| פיסל | פיסלעך |
| פיסעלע | פיסעלעך |

50

שרײַב איבער און דערשרײַב די פארפעלטע ווערטער:

| איינצאָל | מערצאָל | איינצאָל | מערצאָל |
|---|---|---|---|
| שטיבל | שטיבלעך | שטיבעלע | שטיבעלעך |
| בערגל | | בערגעלע | |
| יִנגל | | יִנגעלע | |
| מיידל | | מיידעלע | |
| מײַזל | | הענטעלע | |
| קעצל | | פיסעלע | |
| הינטל | | קעצעלע | |
| שטעטל | | הינדעלע | |
| טײַכל | | שיכעלע | |
| שטריקל | | זעקעלע | |

פון קערענדלעך — א הײַפעלע
פון טראָפּנדלעך — א טײַכעלע

וועלכע נײַע ווערטער האָסטו זיך דערוווּסט די לעצטע טעג? פארשרײַב.

51 ח

## דאָס שיפעלע

עס האָט געגאָסן א רעגן. דאָס ריטשקעלע איז גע-וואָרן פול מיט וואסער. דאָס וואסער איז געלאָפן און מיטגע-שלעפּט א שפּענדל, א העלצל, א קלעצל, א ברעטעלע, א פּאפּירעלע — אלץ, וואָס עס האָט זיך געמאכט אפן וועג. די קינדער איז עס שטארק געפעלן געוואָרן, האָבן זיי באשטימט

מאכן א שיפעלע און לאָזן עס שווימען. געקומען אהיים, גע-
נומען א זעגעלע, א העמערל, אן עקבערל, א דלאָט-
קעלע און א ברעטל מיט צוועקעס און גענומען זיך בויען
דאָס שיפעלע. צו פארנאכט איז שוין אלץ פארטיק געווען.
געקומען צו דעם ריטשקעלע, געלאָזט שווימען — סע שווימט.
דערזען סע שווימט, איז מען זיך מעיאשעוו ארופלייגן א
שטיינדל אף דעם שיפעלע. דאָס שיפעלע האָט זיך
אָפּגעשטעלט. זאָגט יאָשקע, אז מע דאַרף צומאכן א רעדל. ער
האָט געזען אמאָל א פאראכאָד, איז ער געווען מיט א רעדל.
געמאכט און געלאָזן שוין שווימען ניט אין ריטשקעלע, נאָר
גלײַך אפן טײַך. נאָר דאָס רעדעלע האָט ווייניק געהאָלפן.
דאָס שיפעלע איז דערטרונקען געוואָרן.

שרײַב איבער און מאך דערבײַ איבער די אויסגעטיילטע ווערטער פון
איינצאָל אף מערצאָל:

די ריטשקעלעך זײַנען געוואָרן פול . . . . . . . . .

52

## בלעטער

א קאלטער ווינט בלאָזט און רײַסט די געלע בלעטער
פון די ביימער. די בלעטער פאלן איינס נאָך דעם צווייטן
אף דער פײַכטער ערד, בעטן אויס די לאנגע אלייען. איבער
די אלייען גייט ארום דער אלטער וועכטער מיט א גרויסן בע-
זעם. זײַן בליק איז אומעטיק. דער וועכטער קוקט אף די נאקעטע
ביימער און טראכט:

— וואָס איז געוואָרן פון די שיינע ביימער! ניט לאנג
זײַנען זיי אזעלכע שיינע, שטאָלצע געווען, באדעקט מיט טויזנ-
טער גרינע בלעטער.

ער קערט די געלע בלעטער צונויף אין איין קופע, בלײַבט
שטיין ווי פארטראכט:

— וואָס טוט מען מיט פארוועלקטע טרוקענע בלעטער?

(מ) וואָס בלאָזט? — א ווינט. — — — — — — —
א וועלכער ווינט? — א קאלטער — — — —

| |
|---|
| א ווינט — וואָס |
| א קאלטער — א וועלכער |

שרײַב ארויס אין דער רעכטער רובריקע די אויסגעטיילטע ווערטער, און אין דער לינקער, וועלכע דו ווײסט אליין פארשטיין.

| א וועלכער? | וואָס? |
|---|---|
| | |

53

מיר האָבן געפײַערט דעם אָקטיאבער-יאָנטעוו.
אפן גאנעק האָבן מיר אויסגעהאנגען א רויטע פאָן.
די פאָן איז געווען באמאָלט מיט בלויע אויסיעס.
די ווײַסע סטעליע האָבן מיר באפוצט מיט גרינע טאנען.
לענינס בילד איז ארומגענומען מיט רויטע און שווארצע סטענגעס.
אף דער וואנט האָבן מיר אופגעהאנגען א פלאקאט מיט געלע בלעטער.
א גרויער הימל האָט דערמאָנט וועגן הארבסט.
ס'האָט אָבער ארײַנגעשײַנט די ליכטיקע זון.
פריילעך האָבן מיר באגעגנט דעם יאָנטעוו פון אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

פון די אויסגעטיילטע ווערטער שרײַב ארויס באזונדער זאכן און קאָלירן. אָט אזוי:

| א וועלכער | וואָס |
|---|---|
| א רויטע | פאָן. |

רעטעניש:

א ווײַס פעלד מיט שווארצע זוימען.

א בוך

54 ה

| וועלכער? | וואָס |
| --- | --- |
| א טיפע | בארג |
| א בייזער | אוגערקע |
| א זויערע | הונט |
| א הויכער | גרוב |

| וועלכער? | וואָס? |
| --- | --- |
| דער פריילעכער | הימל |
| די רויט | בילד |
| דאָס שיינע | פאָן |
| דער בלויער | יאָנטעוו |

| וועלכע? | וואָס? |
| --- | --- |
| טרוקענע | קעצעלע |
| הויכע | ציינדלעך |
| פריילעכע | ביימער |
| שארפע | צווײַגלעך |

קלײַב צו צו יעדן וואָרט פון דער רעכטער רובריקע דאָס פּאסיקע וואָרט פון דער לינקער, אָט אזוי: א טיפע גרוב.

55

איז אין שטאָט א גאָרטן דאָ א גרויסער.
דעם גאָרטן האָט געפלאנצט אמאָל א רײַכער פּאָריץ.
הײַנט פירט צום שיינעם גאָרטן די גאס פון קינדער-הײַזער.
הײַנט שפּילן זיך אין גאָרטן קינדער קלאָרע.
קינדער קלאָרע, פריילעכע שווארצאפּלען,
יִדלעך, ציגײַנערלעך, קאצאפּלעך.
אז ס׳ווערט פרײַ דער ליכטיקער אינדרויסן —
אינעם גאָרטן לויפן זיי און רוישן.
וועלן ווייען, וועלן בלאָזן ווינטלעך לינדע
אינעם גאָרטן אף די קליינע קינדער.

פון דעם געדיכט שרײַב ארויס אין 2 רובריקעס באזונדער וואָס (זאך) און א וועלכער (סימען). אָט אזוי:

| וואָס (זאך) | א וועלכער (סימען) |
| --- | --- |
| גאָרטן | א גרײַזער |
| פּאָרעץ | א רײַכער |

וואָס? — א זאך
וועלכער? — א סימען

א שיינער גאָרטן
↓ ↓
סימען זאך

**56**

(מ) א שפּיל: איינער רופט אָן א זאך, די איבעריקע רופן אָן אלערליי סימאָנים, צ. ב.:
א הונט
— א שווארצער
— א גרויסער
— א בייזער
— . . . .

**57** ה

שרײַב אָן, וואָס דו געדענקסט פון דער ארבעט 56.

**58** (מ.)

א היפשער אָקס, א היפשע בעהיימע, א היפש קעלבל.
א שיינער בוים, א שיינע בלום, א שיין בלעטל.
א גרינער וואלד, א . . . לאָנקע, א . . . פעלד.
א גוטער ברודער, א . . . שוועסטער, א . . . קינד.
א גרויסער הויף, א . . . גאס.

א היפשער אָקס — היפשע אָקסן
א היפשע בעהיימע — . . . . . .
א שיינער בוים — . . . . . .
א גרינער וואלד — . . . . . .
א גוטע שוועסטער — . . . . . .

א גוט קינד — . . . . . . .
א גרין פעלד — . . . . . . .
א גרויסע גאס — . . . . . . .
א הויכער מויער — . . . . . . .
א בייזער הונט — . . . . . . .

---

דער אָקס — די בעהיימע — דאָס קעלבל
דער בוים — די בלום — דאָס בלעטל
דער וואלד — די לאָנקע — דאָס פעלד
דער ברודער — די שוועסטער — דאָס קינד
דער הויף — די גאס

59

## לאטקעס

די מאמע באקט לאטקעס, און זעקס קליינע קינדער שטייען ארום איר.

— מאמעלע, גיב מיר א לאטקע, — זאָגט איינער.

— מאמעלע, טײַערע, גיב מיר א לאטקע — זאָגט דער צווייטער.

— מאמעלע, טײַערע, ליבינקע, גיב מיר א לאטקע — בעט דער דריטער.

— מאמעלע, טײַערע, ליבינקע, הארציקע, גיב מיר א לאטקע, — בעט דער פערטער.

— מאמעלע, טײַערע, ליבינקע, הארציקע, גוטינקע, גיב מיר א לאטקע, — בעט דער פינפטער.

— מאמעלע, טײַערע, ליבינקע, הארציקע, גוטינקע, שייבינקע, גיב מיר א לאטקע, — בעט דער זעקסטער.

— באלד, באלד, קינדערלעך מײַנע, אָט קער איך נאָר איבער, דערלאנג איך צום טיש א פולע שיסל מיט לאטקעס.

(מ.) ווי וואָלטן געזאָגט די קינדער, ווען זיי וואָלטן געערדט צום טאטן, ניט צו דער מאמען?

60

שרײַב אראָפּ און דערשרײַב:

א טאָפּ פון ליים — א ליימענער טאָפּ
א שאפע פון האָלץ — א . . . . . . .

א דאַך פון בלעך — . . . . . . . . .
א האַק פון אײַזן — . . . . . . . . .
א סלוי פון גלאָז — . . . . . . . . .
א סאמאָוואר פון מעש — . . . . . . . . .
א פאַן פון קופּער — . . . . . . . . .
א דיל פון צעמענט — . . . . . . . . .
א דענקמאָל פון בראָנזע — . . . . . . . . .
א טראָטואר פון אספאלט — . . . . . . . . .

דער טאָפּ, די שאפע, דער דאַך, די האַק, דער סלוי, דער סאמאָוואר, די פאַן, דער דיל, דער דענקמאָל, דער טראָטואר.

**61**

אונדזער געלע קאץ האָט זיך געקעצלט מיט זעקס קעצעלעך. צוויי קעצעלעך זײַנען ראַבע. צוויי געלבלעכע, איינס — א שווארצלעכעס און איינס א גרויעס. געקעצלט האָט זי זיך אין דעם ווינקלדיקן אלמער, ווו עס ליגט די רייניקע וועש. די מאמע איז געוואָרן אין קאַעס, האָט געכאפּט א צעבראָכן קעסטל, אונטערגעשפּרייט א ביסל טרוקענע היי און ארויסגעטראָגן זיי אפן קאלטן בוידעם. מיר האָט עס פארדראָסן, ווײַל די טעג זײַנען שוין געווען קילבלעכע, דער דאַך איז א דינלעכער און עס בלאָזט פון אלע זײַטן. בין איך פארקראָכן הינטערן גרויסן אויוון, דאָרט אין דער היפּשער קופּע קארטאָפלעס האָב איך געמאכט א טיפלעך גריבל און אוועקגעשטעלט דאָרטן דאָס קעסטל מיט די קליינע קעצעלעך. איך האָב נאָך אונטערגעשפּרייט ווייכלעכע שמאטעס, עס זאָל זיי זײַן ווייך צו ליגן.

איצט גיב איך דער קאץ ווארעמע מילך און שיטערלעכן זופּ; זי דארף דאָך האָבן מיט וואָס צו האָדעווען די שוואכינקע קעצעלעך!

איינס פון די ראַבע געפעלט מיר: סע איז אזא גרעבלעכס מיט קורצע פיסלעך. דער עק איז בא דעם א לאנגלעכער און א פּוכיקער. דאָסדאָזיקע שײַנק קעצעלע

**וועל איך לאָזן האָדעווען, און די איבעריקע וועל איך צעטיילן די שכיינים.**

שרײַב איבער די אויסגעטיילטע ווערטער (סימאָנים).

(מ·) באמערק די ווערטער געלבלעכע, שווארצלעכע, קילבלעכע, דינלעכע. וואָס איז דער כילעק פון געלבלעכע ביז געלע? פון שווארצלעכע ביז שווארצע?

געפין אין דער דערציילונג נאָך אזעלכע ווערטער.

**62.**

שרײַב איבער און דערשרײַב:

א קאלטער טאָג — א קאלטלעכער טאָג.
א גרינע פארב — . . . . . . . . . .
א שווארצער פּאָנעם — . . . . . . . . . .
א ווײַטער מעהאלעך — . . . . . . . . . .
א נאסע וואנט — . . . . . . . . . .
לאנגע בויגנס פּאפּיר — . . . . . . . . . .
הארטע פלייש — . . . . . . . . . .
א שווערע ארבעט — . . . . . . . . . .

> דיין ארבעט איז א שווערע צי א שווערלעכע, צי א גרינגע!

> קאלט איז שטארקער ווי קאלטלעך.
> ווײַט איז שטארקער ווי ווײַטלעך.

**63 ה**

קלײַב צו צו די ווערטער פון דער רעכטער רובריקע די פּאסיקע ווערטער פון דער לינקער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| א נאסלעכער | וואנט | א בלוילעכער | קאָלדרע |
| א נאסלעכע | בלעטל | א בלוילעכע | קליידל |
| א נאסלעך | מויער | א בלוילעך | הימל |

| | | | |
|---|---|---|---|
| א גרינלעכער | בילד | א ווײַסלעכער | קאָץ |
| א גרינלעכע | פּאָדעם | א ווײַסלעכע | לאָשעקל |
| א גרינלעך | טישטעך | א ווײַסלעך | הונט |

| | |
|---|---|
| א ברייטלעכער | סטענגע |
| א ברייטלעכע | שטעגל |
| א ברייטלעך | וועג |

| | | |
|---|---|---|
| די וואנט | דער הימל | דאָס לאָשעקי |
| דער פּאָנעם | דאָס בילד | דער הונט |
| דער מויער | דער פּאָדעם | די סטענגע |
| די קאָלדרע | די טישטעך | דאָס שטעגל |
| דאָס קליידל | די קאָץ | דער וועג |

**64**

די שטאָט איז גרויס.
דאָס דאָרף איז קליין.
די טיי איז ווארעם.
דער אײַז איז קאלט.
די באָבע איז אלט.
די גאס איז לאנג.
די שמאטע איז נאַס.
דער טאָג איז קורץ.
אן אומרייינער מענטש איז מיִעס.
א רויז איז שיין.
דאָס קינד איז יונג.
דער קלאס איז טרוקן.

(מ) קלײַב אויס פון די פראזעס די סימאָנים.
וואָס איז פארקערט פון גרויס? פון ווארעם? פון אלט? פון לאנג? פון נאַס? פון מיִעס?
פארשרײַב אין ווערטערביכל: ווארעם, לאנג, מיִעס, טרוקן.

**65** (אוקר.)

א פערד גיט מען גאנצן האָבער, אָבער א קו גיט מען האָבערנע מעל.

ער שפּרינגט הויך, נאָר איך שפּרינג אויך ניט ערגער פאר אים.

אָט נאָרוואָס געזעצט זיך און ער האָט שוין אָפּגעגעסן.

א פערד עסט היי.

א הון לייגט אן איי.

מע בויט הײַזער.

אײַזן, שטאָל, קופּער זײַנען מעטאַלן.

די קלענערע קינדער גייען פון פּאַרנט, די גרעסערע פון הינטן.

א כאַזער זעט נאָר וואָס אונטן טוט זיך, ארויף קוקט ער ניט.

איך פיל אויס די ארבעט אָן קיינעמס הילף.

א האָן קרייט.

איך האַלט אין האַנט א בלײַער.

מײַן זיידע איז אַלט.

שרײַב ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מיט א היי (ה) | אָן א היי (ה) |
|---|---|
| | |

**65** (ליטוו.)

איך האָב אָן אייגענעם בוך.

בא ראָכלען זײַנען שווארצע אויגן.

איך עס ברויט מיט פּוטער.

דער וועג איז ברייט.

דער הונט עסט רויע פליי ש.

שטעל זיך אין דער ריי.

נעם א בויגן פּאַפּיר און בייג אויף אין צווייען.

אונדזערע פּאָנען זײַנען רויט.

די קינדער הערן דעם לערערס רייד.

דער הונט איז אף א ק י י ט.

אז מע ראמט ניט אין צימער, ווערט פול מיט קויט.

קויטיקע וועש וואשט מען אויס.

ס'איז שוין צייט שפאצירן גיין, שטעלט זיך אויסעט פיין און שיין.

די הייל איז א טיפע.

דער דאָקטער היילט קראנקע.

דער קראנקער האָט זיך אויסגעטאָן הויל, און דער דאָקטער האָט אים באטראכט.

שרייב ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מיט יי | מיט וי |
|---|---|
| | |

**66 ה**

שרייב איבער און דערשרייב.

| | |
|---|---|
| דער זיידע איז אן אלטער, דער אייניקל איז א . | ביטער |
| דער טיש איז אן אלטער, דער שטול איז א . . | גרינג |
| שניי איז ווייס, און סאזשע איז . . . . . . . . | הויכער |
| א שטיין איז שווער, א פעדער איז . . . . . . . | ווייט |
| די שול איז נאָענט, דער וואָקזאל איז . . . . . | יונגער |
| איך בין געזונט, מיינער א כאווער איז . . . . . | נייער |
| א נידעריקער קוסט און א . . . . . . . . בוים | פינצטער |
| באטאָג איז ליכטיק, בֿאנאכט איז . . . . . . . . | קראנק |
| צוקער איז זיס, פעפער איז . . . . . . . . . | שווארץ |

וועלכע נייע ווערטער האָסטו זיך דערוווּסט די לעצטע טעג? פארשרייב.

**67**

(מ.) וואָס איז פארקערט פון הויך? אומעטיק? גוט? שמאָל? פינצטער? ניי? ווייט? טייער?

68 (אוקר.)

איך האָב א כאווער ארן.
אין די בורזשואזע לענדער זײַנען דאָ קנעכט און הארן.
זאָל דיך ניט ארן, וואָס ער וויל מיט דיר ניט שפּילן.
העלף מיר פירן, וועל איך ארופלייגן נאָך עלף שײַטלעך האָלץ.
איך האָב פאריכט דאָס עמערל מיט מײַן קליינעם העמערל.
איבערן טײַך שווימט א קלייניטשקע ענטעלע.
ער האָט אָפּגעבראָכן דאָס הענטעלע פון מײַן קריגעלע.
הער נאָר, ווי ער שרײַט!
פון לײַן-זוימען מאכט מען אייל.
די הייל איז געוועזן א טיפע.
א דאָקטער היילט קראנקע.

שרײַב ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מיט א היי (ה) | אָן א היי (ה) |
| --- | --- |
| | |

68 (ליטוו.)

אזוי זאָגן זיי.
און אז זיי זאָגן, איז וואָס?
פון מעל מאכט מען טייג, און פון טייג — כאלע.
אז מע גיסט צופיל וואסער, טויג ניט, קומט ארויס שלעכטע טייג.
פון קוימען גייט א רויך.
גאזע האָט א שטארקן רייעך.
דער שנײַדער לעבט אין דאכקעס און אין נויט.
ער נייט אסאך און פארדינט ווייניק.
אזא ארבעט לוינט אים ניט.

מע ל י י ע נ ט און מע שרײַבט.
ער וו י נ ט אין א קליין צימערל.
אז מע שלאָגט אים, וו יי נ ט ער.

שרײַב ארויס די אויסגעטײלטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מיט יי | מיט וי |
| --- | --- |
| | |

ש פ א ס.

— ווו ווינט ער?

— ווו מע שלאָגט אים.

69 ה (אוקר).

שרײַב איבער און דערשרײַב די פארפעלטע ווערטער:

| | |
| --- | --- |
| א האק מאכט מען פון . . . . . . . . . . . . .<br>מענטשן ווינען אין . . . . . . . . . . . . . . | אײַזן<br>הײַזער |
| אפן פארקן שטייט א . . . . . . . . . . . . . .<br>בא אונדז איז דאָ א קענדל . . . א הענטל | אָן<br>האָן |
| די . . . האָט געלייגט אן איי<br>פון אייער . פוטער מאכט מען א פרעזשניצע | און<br>הון |
| אן . . . מאן ווארעמט זיך באם אויוון<br>איך האָב געקויפט א . . . . . מיט א פען | אלטער<br>האלטער |
| א . . . . פון . . . . איז פינף א האלבע | עלף<br>העלפט |
| . . . שרײַט, און די . . . . נישט | ער<br>הערט |

**69** ה (לימוד.)

שרײַב איבער און דערשרײַב די פּאַרפּעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| . . . . . . . באַקט מען פון . . . . . . .<br>אַף וואָס . . . . . דיר אזא . . . . . סטענגעס? | ברויט<br>ברייטע<br>טויג<br>טייג |
| אז מע איז . . . . . . ., איז ניט . . .<br>איך ווייס עס . . . . פון לאנג | קויטיק<br>שוין<br>שיין |
| אָט לאכט ער, אָט . . . . ער<br>ער . . . . איז א מויער | וויינט<br>וויינט |
| איך זאָג . . . . ., און . . . . זאָגן אנדערש | אזוי<br>זיי |
| ווינטער זײַנען די ביימער . . . . ., אָן בלעטער<br>דאָקטער, . . . . . . אויס מײַן קינד | הויל<br>הייל |

**70**

## מיר גייען צום טײַך

— מיר גייען צום טײַך?
— מיר גייען צום טײַך.
— מיר פאָרן בארג-אראָפּ?
— מיר פאָרן בארג אראָפּ.
— מיר נעמען דעם גרויסן שליטן?
— אָט באלד וועל איך דיר נעמען דעם גרויסן שליטן!
— וואָס-זשע, דאָס קליינע שליטעלע?
— פארשטייט זיך, דאָס קליינע שליטעלע!
— דו קאָנסט אראָפּפאָרן פונעם הויכן בארג?
— א מעציע א טײַערע—אראָפּפאָרן פונעם הויכן בארג!

— וועלן מיר טאקע פאָרן פונעם הויכן באַרג.
— אָבער מיר וועלן זיך ניט איבערקערן?
— האָב קיין מוירע, מיר וועלן זיך ניט איבערקערן!
— נו, הײַדא, ארוף באַרג!

(מ) אין וועלכע פראזעס פרעגט מען? אין וועלכע רופט מען אויס (שרייַט מען אויס)? אין
וועלכע זאָגט מען?

ציילט איבער:

וויפל מאָל שטייט א פרעגצייכן (?),
וויפל מאָל שטייט אַן אויסרופצייכן (!),
וויפל מאָל שטייט א פונקט (.).
וועלכע פלאקאטן הענגען בא אונדז אף די ווענט? זעט וואָס פאר א צייכנס שטייען אין
סאָף פון יעדן פלאקאט.

**71**

— איך האָב געכאפּט א בער!
— טאָ פיר אים אהער!
— ער גייט ניט!
— טאָ קום אליין!
— ער לאָזט ניט!

— וווהין פאָרסטו?
— אין שטאָט.
— וואָס פירסטו?
— א וואָגן האָלץ.
— וואָס פאר א האָלץ? דו פירסט דאָך היי!
— אז דו זעסט, טאָ וואָס פרעגסטו?

— בערקע, דאָס האָסטו אופגעגעסן די פלוימען?
— כאָלילע!
— און נאָך ווילסטו?
— גיב אהער!

(דער לערער זעט, די קינדער זאָלן ריכטיק אינטאָנירן).

פאַרשרײַב אין ווערטערביכל: געכאפּט, לאָזט, וווהין, כאָלילע.

**72 ה**

שלעפּן שליטנס זיך פונווײַטן,
אָנגעפּאקטע גראָוו און גרײַז,
און מיט שניי פון אלע זײַטן.
— היי! וואָס האקט איר אויס דעם אײַז?
אף דעם גליטשקעלע אינמיטן —

פונקט אינמיטן אין א ריטש.
— שלעכטער שליטן, שלעכטער שליטן!
וואָס צענעמסטו אונדז דעם גליטש!
כעוורע, שנייערס! קאטשעט שנייערס!
און דעם שלעכטן שליטן שמײַס!
וואָס צענעמען זיי? ס׳איז זייערס?
היי! וואָס האקט איר אויס דעם אײַז?

שרײַב אראָפּ יעדע פראזע אין דער געהעריקער רובריקע, אָט אזוי:

| פרעגצייכן (?) | אויסרוף-צייכן (!) | פונקט (.) |
|---|---|---|
| וואָס האקט איר אויס דעם אײַז? | היי! | שלעפּן שליטנס זיך פונוויַטן. |

רעטעניש:

ווער מאכט א בריק אָן א האק?

דער פראָסט.

73 (מ)

| | | |
|---|---|---|
| — מאָרגן גייסטו אין שול. | — מאָרגן גייסטו אין שול? | — מארגן גייסטו אין שול! |
| — דו ווערסט זיך אי־בערקערן. | — דו ווערסט זיך אי־בערקערן? | — דו ווערסט זיך אי־בערקערן! |
| — עס ברענט. | — עס ברענט? | — עס ברענט! |
| — מיר שפּילן אין כאפּערלעך. | — מיר שפּילן אין כאפּערלעך? | — מיר שפּילן אין כא־פּערלעך! |

| | | |
|---|---|---|
| — באַם יאַט זײַנען פֿאַרפֿראָרן די בעק-לעך. | — באַם יאַט זײַנען פֿאַרפֿראָרן די בעק-לעך? | — באַם יאַט זײַנען פֿאַרפֿראָרן די בעק-לעך! |
| — עס ברענט א פֿראָסט. | — עס ברענט א פֿראָסט? | — עס ברענט א פֿראָסט! |

**74**

(מ) אופשטעלן קאָלעקטיוו א באשרײַבונג פון אן עקסקורסיע, א יאָנטעוו א. ד. גל., מיט אסאך פראגעס און אויסרופן. אָנשרײַבן אפן טאָוול און איבעדשרײַבן אין די העפטן. אונטערשטרײַכן אומבאַשטימווערטער מיט איין שטריך און באשטימווערטער מיט צווײ שטריכן.

**75** ה

זוך אוף אין לייענביכל 3 פראזעס מיט פרעגצייכנס, 3 מיט אויסרופ-צייכנס און 3 מיט פּונקטן. שרײַב זיי אראָפּ.

**76** (מ)



— ווער גליטשט זיך אפן טײַך? — די קינדער גליטשן זיך אפן טײַך.

— וואָס טוען די קינדער אפן טײַך? — די קינדער גליטשן זיך אפן טײַך.

— ווו גליטשן זיך די קינדער? — די קינדער גליטש ך אפן טײַך.

וואָסער וואָרט ווערט אויסגערעדט שטאַרקער?

— ווער מאכט פון שניי א באבע? — בערל מאכט פון שניי א באבע.

— וואָס מאכט בערל פון שניי? — בערל מאכט פון שניי א באבע.

— פון וואָס מאכט בערל א באבע? — בערל מאכט פון שניי א באבע.

וואָסער וואָרט ווערט אויסגערעדט שטארקער?

— ווער שרײַבט עס? — כאנקע שרײַבט.

— וואָס טוט כאנקע — כאנקע שרײַבט.

ווען מע פרעגט: ווער שרײַבט עס? און ווען מע פרעגט: וואָס טוט כאנקע? — איז דער ענטפער דערזעלביקער צי ניין?

די ווערטער זײַנען דיזעלביקע, נאָר איין מאָל רעדט מען שטארקער ארויס כאנקע און א צווייטן מאָל שרײַבט.

איינמאָל איז דער אקצענט אפן וואָרט כאנקע, א צווייטן מאָל — אפן וואָרט שרײַבט.

> וועלכער וואָרט עס ווערט ארויסגערעדט שטאר-
> קער, אף יענעם איז דער אקצענט.

77

מיר זײַנען נעכטן געווען אף אן עקסקורסיע

1) ווער איז נעכטן געווען אף אן עקסקורסיע?
2) ווען זײַט איר געווען אף אן עקסקורסיע?
3) ווו זײַט איר נעכטן געווען?

שרײַב אָן אף אלע דרײַ פראזעס דעמזעלביקן ענטפער און שטרײַך אונטער אין דעם ענטפער דאָס וואָרט מיטן אקצענט.

מענדל שפּאלט טרוקענע האָלץ

שטעלט אוף פראגעס צו דער פראזע.

78 ה

............? — איך וואַש די וועש אין מולטער.

............? — איך וואַש די וועש אין מולטער.

............? — איך וואַש די וועש אין מולטער.

............? — גיטל שניצט דעם בלייַער מיט א מעסער.

............? — גיטל שניצט דעם בלייַער מיט א מעסער.

............? — גיטל שניצט דעם בלייַער מיט א מעסער.

שטעל אויף אזעלכע פראַגעס, אז די ענטפערן זאָלן זיך פּאַסן.
שרייַב אראָפּ די פראַגעס מיט די ענטפערן.

79

## פייַנט באקומען מורקען

באַ אונדז איז דאָ א קעצל — מורקע. אמאָל האָב איך עס שטאַרק ליב געהאַט, אָפּט פאַרבראַכט מיט דעם. אייַנמאָל שלאָף איך נאָך, הער איך, די מאַמע שרייַט:

— איַי ס'אַראַן אומגליק! מורקע האָט א ביס געטאָן טעלען.

פאַרשטיי איך ניט: דאַכט זיך, מורקע רירט קיינעם ניט. פרעג איך, ווער האָט עס זי א ביס געטאָן, עפּשער אונדזער הינטל?

ענטפערט מיר די מאַמע מיט קאַעס:

— וואָסער הינטל? מורקע האָט א ביס געטאָן טעלען!

גלייב איך נאָך אלץ ניט, אז מורקע זאָל זיך בייַסן. מיסטאָמע האָט זי זי נאָר א דראַפּ געטאָן. גיי איך א קוק טאָן — זע איך, דאָס איז ניט קיין געלעכטער: מורקע האָט א ביס געטאָן טעלען, און טאַקע שטאַרק, בלוט האָט גערונען.

עטלען האָב איך שטארק ליב, ווײַל זי איז מײַן ייִנגסטע שוועסטער. דערפאר האָב איך פון דעמאָלט-אָן פײַנט באקומען מורקען.

(מ) וועלכע עטלעכע ווערטער קומען דאָ דרײַ מאָל? ווו איז דער אקצענט אין דער פראזע צום ערשטן מאָל, צום צווייטן, צום דריטן?

פארשרײַב אין ווערטערביכל: איינמאָל, אומגליק, געלעכטער.

וועלכע נײַע ווערטער האָסטו זיך דערוווּסט די לעצטע טעג? פארשרײַב זיי אויך אין ווערטערביכל.

**80** (אוקר.)

אונטער טרעפּ אין האלבן קעלער ווױנט זיך די אלמאָנע קײלע.

לײבן לעבן אין די ווארעמע לענדער.

שטוב שטײט א באנק.

איך בין נאָך אין קיין אנדערע שטעט ניט געווען, אכוץ אין אונדזערער.

וואָס איז פאר א געווײן? דו האָסט זיך א קלאפּ געטאָן?

איך געווײן זיך שרײַבן פאָרזיכטיק און ריכטיק.

די מאמע גרײט מיר צו פרישע גרעט.

איך בעט דיך — באארבעט גוט דײַן בײט אין גאָרטן.

זע, וואָס זיי טוען?

שווערער בעזעם קערט זיך איבער, און דער יעגער פאלט אריבער.

שרײַב ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מיט יי | מיט ע |
| --- | --- |
| | |

**80** (ליטוו.)

איך וויל וויסן, וויפל איז זעקס מאָל זיבן.

זעקס מאָל זיבן איז צוויי און פערציק.

זיבן מאָל נײַן איז דריי און זעכציק.

פיר מאָל אכצן איז צוויי און זיבעציק.
איך האָב שוין דיר געזאָגט זיבן און זיבעציק מאָל.
א מענטש האָט צוויי פיס.
דערלאַנג די שיסל פיש אפן טיש.
א שוסטער נייט שיך.
ווי הייסט דער ערשטער טאָג אין דער וואָך?—זונטיק.
און דער פינפטער? — דאָנערשטיק.
און דער זיבעטער? — שאבעס.
שוין צײַט אָפּווישן דעם שטויב פון טיש.

שרײַב ארויס פון די אויסגעטיילטע ווערטער יענע ווערטער, וואָס דו רעדסט ארויס ניט ריכטיק.

דו וועסט זיך דארפן אויסלערנען ארויסריידן זיי ריכטיק.

81 ה

רעטעניש: ניט קיין פײַער, נאָר סע ברענט,
צופּט דעם אויער, כאָטש אָן הענט.
שיט און שיט—מאכט ניט נאס.
און מיט זילבער פּוצט די גאס.

(מראָז)

שפּריכווערטער: דער שווערסטער פעלץ איז ווינטער גרינג.
די גרינגסטע העמד איז זומער שווער.

אז מע האָט נעכטן געגעסן, איז מען הײַנט ניט זאט.

אף אן אײַנגעבויגענעם בוים שפּרינגען אלע ציגן.

אז מע לייגט זיך ניט געגעסן, שטייט מען אוף ניט געשלאָפן.

א בעהיימע האָט א לאנגע צונג און קאָן ניט ריידן.

שרײַב איבער די רעטעניש און די שפּריכווערטער און שטרײַך אונטער די ווערטער, וואָס ריידן זיך ארויס מיט אן אקצענט.

**82**

איינער איז געווען הונגעריק. קויפט ער א בייגל. אופגע-געסן דעם בייגל, וויל ער אלץ עסן. קויפט ער א צווייטן בייגל. איז ער נאָך אלץ געווען הונגעריק. קויפט ער א בולקע. אופ-געגעסן די בולקע, האָט ער זיך שוין אָנגעגעסן. מאכט ער צו זיך אליין: וואָס האָב איך געדארפט אויסגעבן געלט אומזיסט?
איך האָב דאָך געקאָנט לעכאטכילע קויפן א בולקע!

(מ) דער לערער זעט, די קינדער זאָלן ריכטיק אינטאָנירן דעם לאָגישן אקצענט.

שרייב-איבער און שטרייך אונטער די ווערטער, וואָס אף זיי איז אן אקצענט.

**83** (אוקר.)

פון מעל מאכט מען טייג, און פון טייג — בולקע.
שוין דריי טעג, אז לייבל גייט ניט אין קלאס.
שנייד מיר אָפּ א פענעץ פונעם לעבל ברויט.
דאָס קינד זעט, ווי דער טאטע זייט טוווע.
די ברעטער זיינען שמאָל, יענע זיינען ברייטער.
איך וויל זען, ווי מע וועט זייען טוווע.
דער טייסטער איז א לעדערנער — ער איז געמאכט פון לעדער.
אלע גייען שוין. באלד וועל איך אויך גיין.
דו נייסט א קלייד.
איך וויס די נעמען פון עטלעכע גרויסע שטעט: מאָסקווע, לענינגראד און נאָך.

שרייב-ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער אין צוויי רובריקעס:

| מיט יי | מיט ע |
|---|---|
| | |

83 (ליטוו.)

א ווײַסינקער שנײ באדעקט די גאס.
כאָטש עס איז קאלט, פונדעסטוועגן זיץ איך ניט אין שטוב.
איך גיי זיך גליטשן.
דעם שאָכנס קינדער האָבן זיך צעשלאָגן.
הערשל שרייט, שלוימקע קוויטשעט.
אמאָל עס איך פלייש, און אמאָל ברויט מיט נישט.
זי איז זשעדנע א שטיקל פיש.
מיט א שליסל פארשליסט מען א טיר.
ווען עס איז ליכטיק, ווארפט דער בוים א שאָטן
עפּשער ווייסטו, ווו איז דאָס בערשטל?

## שפּאס.

— איך וויל וויסן, וואָס דאָס איז.
— דו ווילסט ווישן? נעם א שמאטע און וויש.

שרײַב-ארויס פון די אויסגעטיילטע ווערטער יענע ווערטער, וואָס דו רעדסט ארויס ניט ריכטיק. דו וועסט זיך דארפן אויסלערנען ארויסריידן זיי ריכטיק.

84 ה (אוקר.)

שרײַב-איבער און דערשרײַב די פארפעלטע ווערטער.

| | |
|---|---|
| אפן גאס . . . . א מיליציאָנער | שטייט |
| אין וועלכע . . . . ביסטו שוין געווען? | שטעט |
| אפן בוידעם וואלגערן זיך אלטע . . . . . . . | קיילים |
| אין . . . . ליגט האָלץ | קעלער |
| בערן, וועלף, און . . . . . זײַנען ווילדע כײַעס | לייבן |
| אז מע דאנקט איינעם, זאָגט מען: לאנג . . זאָלסטו | לעבן |
| וואָס איז דאָ . . . . ? | געוויין |
| עפּעס האָט זיך געהערט פונדאנען א . . . . . | געוועז |

| | |
|---|---|
| אנדערע זאָגן וועש, אנדערע זאָגן . . . . . . <br> שטענדיק . . . . . זאָגט א פּיאָנער | גרייט <br> גרעט |
| אז מע . . . . דיך א טויווע, זאָג ניט אָפּ <br> מיר אין גאָרטן אָפּגעגעבן א . . . . א גאנצע <br> שווארצע ערד | בייט <br> בעט |

**84** ה (ליטוו.)

שרײַב ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער פון די פארגעבונגען 80 און 83 אין אזעלכע רובריקעס:

| ווערטער מיט א שין (ש) | ווערטער מיט א סאמעך (ס) | ווערטער מיט א זײַען (ז) | ווערטער מיט א צאדיק (צ) |
|---|---|---|---|
| | | | |

איין וואָרט קען זײַן אין צווי רובריקעס. צ. ב. זיבעציק — מיט א זײַען און מיט א צאדיק.

**85**

(מ) ווי הייסט דער בוך, וואָס איר לערנט איצט? וווּ איז אָנגעשריבן דער נאָמען? וואָס באטײַט דער נאָמען „א. זארעצקי" אויבן?
(דער לערער דערקלערט, אז „א" איז די ערשטע אָס פונעם נאָמען).

> דער וואָס האָט אופגעשטעלט א בוך — אווטאָר.
> דאָס ערשטע בלעטל פון בוך — שארבלאט.
> אפן שארבלאט איז אָנגעשריב דער נאָמען פונעם בוך און פונעם אווטאָר.

(מ) וועלכע אנדערע ביכער לערנט איר? ווי הייסן זיי און ווער האָט זיי אופגעשטעלט?

טייל אויס אין העפט א באזונדער בלעטל און שרײַב אָן אויבן דײַן נאָמען און דײַן פאמיליע. דערנאָך:

מײַנע ביכער.

ווייטער צעווירע, ווי דאָ איז אָנגעוויזן, און שרייב אָן די נעמען פון די רובריקעס:

| נאָמען פון בוך | אווטאָר | № |
|---|---|---|
| | | |

אינדערהיים וועסטו דאָ פאַרשרייבן דיינע ביכער.

**86**

וועז א בוך וואָלט געקאָנט ריידן, וואָלט ער אזוי געזאָגט:
נעם מיך ניט מיט שמוציקע הענט,
איך וויל זיין ריין.
שרייב אף מיר ניט,
איך בין ניט קיין העפט.
דריי מיך ניט צונויף ווי א טרייבל,
איך וויל ניט זיין קרום און לאָם.
לייג מיך ניט אף א נאסן טיש,
איך האָב פיינט צו ליגן אין נעץ.
מיינע טאָוועלעך וויקל איין אין פאפיר,
וועל איך זיין ריין און גאנץ.

(מ) אף וועלכע ווערטער זיינען דאָ אקצענטן?

(מ) ווו זיינען דאָ זאכן, טוונגען, סימאָנים?

פאַרשרייב אין ווערטערביכל: שמוציקע, צונויף, טרייבל.

**87 ה**

פאַרשרייב דיינע ביכער אין העפט אפן בלעטל „מיינע ביכער“, וואָס דו האָסט צוגעגרייט אין קלאס.

## דער נײַער קאָאָפּעראַטיוו 88












אין שטעטל האָט זיך געעפֿנט א נײַער קאָאָפּעראַטיוו. אין דעם קאָאָפּעראַטיוו קריגט מען מעל, צוקער, טיי, פּוטער, זאלץ, גרויפּן פֿלייש, גרינס, הערינג, פֿיש, קאָלערליי עסנוואַרג. אויסערן קאָאָפּעראַטיוו קויפֿט די מאמע אין ערגעץ גאָרנישט. דארף זי האָבן ברויט, מילך, פּוטער, פֿלייש, קעז, קארטאָפֿל, ציבעלע, — קויפֿט זי דאָרטן. הײַנט פֿארקויפֿט מען דאָרטן קליידונג אויך. די מאמע קלײַבט זיך דאָרטן קויפֿן זאכן פֿאר מיר און פֿאר דעם טאטן. מיר וועט זי קויפֿן הויזן,

א העמדל, א היטל, וועש, און דעם טאטן א מאנטל, א קאָסטיום, א בלוזע צו דער ארבעט. אפילע א בלײַער, א פּען, טינט, פּאַפּיר קריג איך דאָרטן קויפן.

(מ) רעכן אויס, וואָס איז דאָ אין שפּײַז-קראָם, אין קליידער-קראָם, אין קראָם פאר שרײַב-זאכן.
וואָס הענגט אף די ווענט אין קלאס ?

**89**

א היפּשע צײַט האָבן מיר זיך געגרייט צום יאָנטעוו פון דער רויטער ארמיי. מיר האָבן צוגעקליבן דעם שולהויף, דעם קאָרידאָר, די קלאסן, דעם שפּילצימער. די ווענט זײַנען געווען באפּוצט מיט לאָזונגען, פלאקאטן, געמעלן, דיאגראמעס, בילדער, וואנטצײַטונגען. אפן אוונט זײַנען געקומען רויטארמייער, ארבעטער, קוסטארן, קינדער, עלטערן פון די קינדער. אין פּרעזידיום האָבן מיר אויסגעקליבן דרײַ רויטארמייער, אן ארבעטער, א קוסטאר, א לערער, א שילער. עס זײַנען געווען אסאך באגריסונגען. איין באגריסונג איז שטארק געפעלן געוואָרן די קינדער: א רויטארמייער איז ארויסגעטראָטן און האָט דערמאָנט דעם כאַווער לענינס ווערטער, אז רוסן, יידן, נעגערס, יאפּאַנער, כינעזער, דײַטשן, פראנצויזן זײַנען ברידער. די באגריסונג איז געווען די בעסטע.

(מ) וואָס האָט איר צוגעקליבן ? ווער איז געווען אפן יאָנטעוו ? ווער איז ארײַן אין פּרעזידיום ? וועלכע ווערטער פונעם כאַווער לענין האָט דערמאָנט דער רויטארמייער ?
(דער לערער ווענדט די שילערס אויפמערקזאמקייט אפן טאָן פון די ווערטער שולהויף, קאָרידאָר, קלאסן, שפּילצימער, און אף די קאָמעס, דאָסזעלבע אין די איבעריקע פראזעס).

פונקט.
קאָמע,

שרײַב ארויס די איינצאָלן אין איין רובריק און די מערצאָלן אין א צווייטער.

**90 ה**

אָקטיאַבער, אפּרעל, מארט, מײַ, סענטיאבער, יאנוואר, פעווראל, יון, נאָיאבער, יול, אווגוסט, דעקאבער.

שרײַב-אויף קעסיידער די 12 כאדאָשים פון יאָר.
נאָך יעדן כוידעש שטעל א קאָמע, נאָכן לעצטן — א פונקט.

זונטיק, דינסטיק, דאָנערשטיק, מאָנטיק, שאַבעס, מיטוואָך, פֿרײַטיק.

שרײַב־אויף קעסיידער די 7 טעג.
נאָך יעדן טאָג שטעל א קאָמע, נאָכן לעצטן א פּונקט.

שרײַב־אויף אלע כּײַעס, וואָס דו האָסט וועגן עס איז געזען. נאָך יעדער כּײַע שטעל א קאָמע, נאָך דער לעצטער א פּונקט.

לייען איבער אפֿן קאָל דאָס, וואָס דו האָסט אויסגעשריבן, מיט אזא טאָן, ווי מע האָט געלייענט אין קלאַס.

**91**

(מ) וועלכע שטעט, שטעטלעך, דערפֿער ווייסטו (דער לערער לייגט אכט אף דער אינטאָנאַציע) ? שרײַב זיי אָן (ער לייגט אכט אף די קאָמעס).

ווער ווייס נאָך שטעט, שטעטלעך, דערפֿער ? (מע שרײַבט זיי צו צו די פֿריִערדיקע, פֿאַר בײַטנדיק דעם פּונקט אף א קאָמע).

(מ) צייל ביז צען (לייגן אכט אף דער אינטאָנאַציע).
שרײַב עס אָן (מיט ווערטער ; לייגן אכט אף די קאָמעס).

איינס, צוויי, דרײַ, פֿיר.
א קאָמע, א קאָמע, א קאָמע, א פּונקט.

(דאָס וואָרט קאָמע לייענט זיך דאָ מיט דער אינטאָנאַציע פֿון א קאָמע, און דאָס וואָרט פּונקט — מיט דער אינטאָנאַציע פֿון א פּונקט).

**92**

שניישיך, גליטשערס, שליטלעך נעמען מיר שטענדיק מיט אף אונדזערע עקסקורסיעס אין דער נאַטור. די עקסקורסיעס מאַכן מיר אין וואַלד, צום טײַך, אין פֿעלד, אין פֿאַרשיידענע וואַרשטאַטן. יענע וואָך זײַנען מיר געווען אין א סטאָליער־וואַרשטאַט. דאָרט האָבן מיר געזען א טאָקער־סטאַנאָק, הובליעס, זעגן, דאָלעטעס, פֿײַלן, ווינקלען, סטאַמעסקעס. די אינסטרומענטן זײַנען געלעגן אף פּאָלעצעס, אפֿן דיל, אף דער באַנק, לעם דער באַנק, אונטער דער באַנק.

(מ) (געפֿינען די קאָמעס און זיך צוהערן צו זייער אינטאָנאַציע).

פֿאַרשרײַב אין ווערטערביכל: עקסקורסיע, פֿאַרשיידענע, אינסטרומענטן.

**93 ה**

אפן יאריד איז דער עמעסער טומל. אלץ איז דאָרטן אויסגע-מישט אינײנעם. דאָרטן זײַנען מענטשן פערד בעהיימעס כאַזיירים וואָגנס רעדער כאַמעטעס. און יידן זײַנען דאָרטן פאראַן—מיט פּעלעכלעך מיט היטלען מיט בולקעס מיט בייגל מיט וואָס איר ווילט. הײַנט ווײַבער! ווײַבער מיט קאַשיקעס מיט עפּעלעך מיט אויפּעס מיט געפּרעגלטע פּיש.

די הענדלערס אײַלן זיך. די פּויערים אָבער גייען פּאַוואָליע קוק טאַפּן קראַצן דינגען זוכן מעציעס.

**אין דער דערציילונג האָט מען פאַרפעלט קאָמעס. שרײַב-איבער און שטעל צו די קאָמעס.**

**94**

מ) (לייענען און צוגעבן פּאַרפעלטע ווערטער).

מײַן מאַמע האָרעוועט שטאַרק. 8 שאָ אַרבעט זי אין ווערקשטאַט און אַז זי קומט צוגיין אַהיים געפינט זי ווײַטער מעלאָכע: ראַמען, וואַשן, . . . , . . . . , . . . , פאַריכטן וועש אָדער זאָקן. און וויפל זי האָרעוועט ניט, מוז זי זען, אַז אין די צימערן זאָל זײַן ציכטיק, זויבער . . . . , . . . צוגעקליבן. פאַראַיאָרן איז איר געווען נאָך שווערער: בײַ אונדז איז געווען אַ בעהיימע, פלעגט די מאַמע דאַרפן מעלקן, . . . , פּאַיען די בעהיימע. . . .פּוטער, . . . קעז, וואַשן די קיילים פונעם מילכיקס.

דער טאַטע קומט שפּעטער פון זײַן אַרבעט. ער איז פאַרנומען אין קאָמיטעט פון די אַרבעטער. אים פאַרדריסט, וואָס די מאַמע דאַרף אַזויפיל אַרבעטן. זאָגט ער, אַז מע דאַרף זיך ניט אײַסעקן אינדער היים. איצט, זאָגט ער, איז פאַראַן אַ גרויסע, . . . , . . . . , ביליקע קיך, קאָן מען גיין אַהין עסן, און פאַראַן אַ גוטע, . . . וועשערײַ, קאָן מען אָפּגעבן וואַשן. די מאַמע וועט טאַקע אַזוי טאָן.

(לייגן אכט אף דער אינטאָנאַציע פון צווייפּונקט).

| |
|---|
| פּונקט . |
| צווייפּונקט : |
| קאָמע , |

**95**

**שרײַב-איבער די פאַרגעבונג 94 און גיב צו די פאַרפעלטע ווערטער.**

**פאַרשרײַב, וועלכע נײַע ווערטער זײַנען דיר צוגעקומען די לעצטע טעג.**

**96 ה**

**שרײַב-איבער און שטעל-צו די פאַרפעלטע צווייפונקטן און קאָמעס.**

מאַנטיק בין איך אַ דעזשורנער. אַ דעזשורנער האָט אַזוינע פליכטן צעטיילן די לערן-מאכשירים צונויפנעמען די אַרבעטן אַרויסשיקן די כעוורע דורכלופטערן דעם קלאַס פאַרעגיסטרירן דעם באַזוך צעטיילן דעם פרישטיק אופראַמען נאָכן פרישטיק.

יאָסל דער שטאַרקער האָט געקענט אַלערליי מעלאָכעס אָנשלאָגן אַ רייפל פאַרלייטן אַן עמער צורעכט מאַכן אַ שירעם איבערציִען אַ קאַנאַפּע פאַרניטעווען אַ מולטער איבערשיטן אַ צעבער אָנשאַרפן אַ מעסער אַרײַנשטעלן אַ שויב.

אין זאָאָלאָגישן גאָרטן זײַנען פאַראַן פאַרשיידענע כײַעס ווײַסע בערן ברוינע בערן הויקערדיקע קעמלען לייבן מיט גריוועס לאַנגע טיגערן געפינטלטע פּאַנטערעס ווילדע אָקסן קליינינקע פערדלעך אַ העלפאַנט אַ בעהעמאָט אַ קראָקאָדיל אַלערליי פויגלען:

**97**

אַ היפּשע צײַט האָבן מיר זיך געגרייט צום יאָנטעוו פון דער רויטער אַרמיי. מיר האָבן צוגעקליבן דעם שולהויף, דעם קאָרידאָר, די קלאַסן און דעם שפּילצימער. די ווענט זײַנען געווען באַפּוצט מיט לאָזונגען, פּלאַקאַטן, געמעלן, דיאַגראַמעס, בילדער און וואַנט-צײַטונגען. אָפן אָוונט זיינען נעקומען רויטאַרמייער, אַרבעטער, קוסטאַרן, קינדער און עלטערן פון די קינדער. אין פּרעזידיום האָבן מיר אויסגעקליבן דרײַ רויטאַרמייער, אַן אַרבעטער, אַ קוסטאַר, אַ לערער, און אַ שילער. עס זײַנען געווען אַסאַך באַגריסונגען. איין באַגריסונג איז שטאַרק געפעלן געוואָרן די קינדער: אַ רויטאַרמייער איז אַרויסגעטראָטן און האָט דערמאָנט דעם כאַווער לענינס ווערטער, אַז רוסן, יידן, נעגערס יאַפּאָנער, כינעזער, דײַטשן און פראַנצויזן זײַנען ברידער: די באַגריסונג איז געווען די בעסטע.

(מ) וואָס האָט איר צוגעקליבן? (אויב דער שילער ענטפערט און פאַרפעלט ניט דעם און, הייסט דער לערער אופזוכן די פאַרגעבונג נומ. 89 און פאַרגלייַכן, אויב דער שילער פאַרפאַרפעלט דעם און, הייסט דער לערער פריער א קוק טאָן אין ביכל און זען, וואָסער וואָרט ער האָט פאַרפעלט, דערנאָך ערשט פאַרגלייַכן מיט נומ. 89. דער לערער ווענדט די שילערס אופמ.רקזאמקייַט דערויף, אז די אינטאָנאציע איז געבליבן דיזעלביקע, נאָר די קאָמע פאַר „און" פאַרפעלט מען.

ווער איז געווען אפן יאָנטעוו? א. א. וו.

**פאַרשרייַב אין ווערטערביכל: היפּשע, וואָנטצייַטונג, באַגריסונג.**

## 98

(מ) לייען דעם טעקסט פון 92, נאָר אומעטום פאַרבייַט די לעצטע קאָמע אף „און".

| |
|---|
| א קאָמע, א קאָמע, א קאָמע און א פונקט. |

## ה 99

# אין קוזניע

ווען איך גיי פאַרבייַ דעם פעטער מאָטיעס קוזניע, מוז איך אריינגיין. איך האָב ליב צוקוקן, ווי מע ארבעט דאָרט. אלע זייַנען פאַרנומען. דער פעטער ווארעמט אָן אייַזן מיכל ארבעט באם קאָוואדלע שאָלעם ציט אָן א ראָד און דער קליינער בעהקע טוט שוין אויך עפּעס. געצייַג איז באם פעטער אָן א שיר האמערם פין פאַרשיידענער גרויס אלערליי צווענגלעך קאָלאמינים פּיַלן זעגלעך אף שנייַדן אייַז שארפשטיינער בויערלעך אף בויערן אייַזן און צוויי גרויסע בלאָזזעק; אין קוזניע מאכן זיי אלץ וועגלעך שליטלעך אקערם העק סערפּן שלעסער און וואָס איר ווילט נאָר. שיין איז צו קוקן, ווען מע שמידט אונטער א יונג פערדל דער פויער האלט אים פארן צוים שאָלעם — פארן פוס בערקע דערלאנגט צוועקעס און דער פעטער אליין שמידט אים אונטער. מיר געפעלט, ווי שמידן ארבעטן.

**שרייַב איבער און שטעל-צו די פאַרפעלטע צווייפונקטן און קאָמעס.**

**100 (מ)**



1) וואָס איז אויסגעמאָלט אױף דאָזיקן בילד ? — דערציילט.
2) דערציילט עס אזוי, ווי ס'וואָלט פאָרגעקומען נעכטן.
וואָס איז דער כילעק פון דער ערשטער דערציילונג ביז דער צווייטער ?

| |
|---|
| ער גראָבט—איצט<br>ער האָט געגראָבן—פריער |

**101**

**שרייב-איבער און דערשרייב :**

איך אקער — איך האָב געאַקערט.
איך זיי — איך האָב . . . .
איך וועב — איך האָב . . . .
איך שפין — איך האָב . . . .
איך וויין — איך האָב . . . .
איך לאך — איך האָב . . . .
איך קלאַפּ — איך האָב . . . .
איך שפּיל — איך האָב . . . .
איך האק — איך האָב . . . .
איך וויש — איך האָב . . . .

**102 ה**

באם טײַך האָבן זיך צונױפֿגעקליבן קינדער.
כאַנע לױפֿט צום טײַך.
דער פֿױער האקט דעם אײַז.
די מאמע האָט געװאַשן גרעט.
די שװעסטער האָט געטראָגן װאַסער.
איך שטײ און איך קוק.
דער פֿראָכט האָט געסמאליעט די נאָז און די אױערן.
א קינד איז געשטאַנען אין פֿענצטער.
א קראָ זיצט באם כאזער אפֿן רוקן.
כאַנע שפּרינגט אף אײן פֿיסל.
דער שנײ איז געגאנגען דרײַ טעג נאָכאנאַנד.

צעשטעל אין באזונדערע רובריקעס די פֿראזעס, װו די טװנג קומט פֿאַר איצט, און די פֿראזעס, װו די טװנג איז פֿאָרגעקומען פֿריִער. אָט אזױ:

| פֿריִער | איצט |
| --- | --- |
| באם טײַך האָבן זיך צונױפֿגעקליבן קינדער | כאָנע לױפֿט צום טײַך |

פֿארשרײַב אין װערטער-ביכל: פֿױער, אױערן, פֿענצטער.

**103**

(מ) װאָס האָסטו נעכטן געטאָן?

פֿארשרײַב אפֿן טאָװל און לײען איבער (װענדן די אופֿמערקזאמקײט אף די װערטער מיט אקצענטן).

**104**

איך לײען, איך שרײַב און איך מאָל.
דו נעמסט א בוך און דו לײענסט.
ער קױפֿט פּאַפּיר און ער מאכט העפֿטן.
איך שפּאַלט האָלץ און איך לײג אין א שײַטער.
דו שפּאַנסט דעם פֿערד און דו פֿירסט שטרױ.
כאַנע װיגט דאָס קינד און זי זינגט אים א לידל.
איך האָדעװע די קו און איך מעלק זי.
ער שלאָגט דיך און דו װײנסט.

שרײַב עס איבער אזױ:

איך האָב געלײענט, איך האָב געשריבן און איך האָב געמאָלט.

105 ה

שרײַב-אַבער און ערשרײַב:

ער נעמט אַ בוך — ער האָט גענומען אַ בוך
זי לאכט — זי . . . . . . . . . . . .
בערל שרײַבט — בערל . . . . . . . . .
מיר עסן ווארעמס — מיר . . . . . . . .
זיי האַרעווען שווער — זיי . . . . . . . .
זי לייענט אַ בוך — זי . . . . . . . .
אַ פישער כאַפּט פיש — אַ פישער . . .
דער שומער היט דעם קאָאָפּעראַטיוו — דער שומער . .

106

איך זע — איך האָב געזען
איך הער — איך האָב געהערט

איך פאָר — איך בין געפאָרן
איך קום — איך בין געקומען

איך האָב געזען
דו האָסט געזען
ער האָט געזען

איך בין געקומען
דו ביסט געקומען
ער איז געקומען

דערשרײַב:

| פריִער | איצט |
|---|---|
| דו ..... | דו פּאַלסט |
| איך .... | איך שלאָף |
| ער .... | ער פאָרט |
| איך ... | איך האַלט |
| ער .... | ער קלאַפּט |
| דו ..... | דו לאַכסט |

**107**

**זוך-אויף די אַרבעט 52, שרײַב-איבער און מאַך-איבער די איצטיקע טוּונגען אויף פריִערדיקע. אַזוי:**

**אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן...**

**108 ה**

**שרײַב אָן אַ מײַסעלע וועגן דעם, ווי אַזוי האַיאָר איז געוואָרן ווינטער.**

**109**

איך האָב געזען נעכטן דעם פעטער.
איך האָב נעכטן געזען דעם פעטער.
נעכטן האָב איך געזען דעם פעטער.
איך האָב דעם פעטער געזען נעכטן.
איך האָב דעם פעטער נעכטן געזען.

ער האָט געקויפט פרײַטיק דעם בוך.
ער האָט פרײַטיק געקויפט דעם בוך.
פרײַטיק האָט ער געקויפט דעם בוך.
ער האָט דעם בוך געקויפט פרײַטיק.
ער האָט דעם בוך פרײַטיק געקויפט.

מיר האָבן געהערט אין שטאָט אַ נײַעס.
מיר האָבן אין שטאָט אַ נײַעס געהערט.
אין שטאָט האָבן מיר געהערט אַ נײַעס.

**זוך-אויף אין די אַלע פראַזעס דאָס וואָרט האָב און דאָס וואָרט געזען, דאָס וואָרט האָט און דאָס וואָרט געקויפט, האָבן און געהערט.**

110

אז לייע-גיטל האָט זי געבראַכט פון מאַרק, באַלד ווי זי האָט זי געקויפט, האָט זי זי אָפּגעבונדן און האָט איר אַרומגענייט אַרום דעם רעכטן פיסל א שטיקל רויט ציץ, האָט אָפּגעפאַרבט א פליגל מיט אביסל בלויעכץ פון גרעט אף א סימען. א פאָר טעג איז זי געווען אין שטוב, דערנאָך האָט עמעצער געעפנט א פענצטער איז זי ארופגעשפרונגען אפן פענצטער און איז אין הויף אנטלאָפן.

(מ) וועגן וועמען רעדט זיך? ווו זײַנען דאָ די טוּונגען? ווען קומט פאַר די טוּונג? פון ווּ פל ווערטער באַשטייט די טוּונג. וואָס קומט פאָר פריִער?

די צווי ווערטער פון פריערדיקער טוּונג שטייען אמאָל איינס לעבן אנדערן, אמאָל באַזונדער.

| |
|---|
| זי ברענגט — איצטיקע טוּונג — איין וואָרט |
| י האָט געבראַ ט — פריערדיקע טוּונג — צווי ווערטער |

| |
|---|
| דו גייסט<br>דו ביסט געגאַנגען |
| ער זאָגט<br>ער האָט געזאָגט |
| מיר לויפן<br>מיר זײַנען געלאָפן |

ה 111

שרײַב-אָן וועגן דעם, ווי דו האָסט פאַרבראַכט די ווינטערדיקע קאַני-קולעס, לייען איבער אליין און זע, צי דיר געפעלט.

שטרײַך אונטער אומעטום די צווי ווערטער, וואָס ווײַזן א פריִערדיקע טוּונג.

פאַרשרײַב די נײַע ווערטער, וואָס זײַנען דיר צוגעקומען די לעצטע טעג.

**112**

**פאַרבײַט איצטיקע טוונג אף פריִערדיקער:**

איך האלט אין האנט א שטעקן —
איך האָב געהאלטן אין האנט א שטעקן.
דער טאטע פאָרט אין דאָרף.
איך בעט דעם טאטן מיך מיטנעמען.
פארוואָס שלאָגסטו דאָס יינגעלע?
איך שלאָף שפּעט.
איינער שטויסט דעם צווייטן.
דו הייסט לויפן, לויפט ער.
מוישע רופט מיך צו זיך אהיים.

**113**

איך בין געקומען צו אײַך.
מאָטל האָט געפאנגען פיש.
דו האָסט געגעסן צוזאמ.
ער האָט געטראָטן פאמעלעך.
זי האָט געשאָבן רעטעך.
איך האָב אים געלאָזט צורו.

**פאַרבײַט פריִערדיקע טוונג אף איצטיקער**

**פאַרשרײַב אין ווערטערביכל: געפאנגען, געגעסן, געלאָזט.**

**114 ה**

**שרײַב איבער און דערשרײַב:**

איך האלט — איך האָב געהאלטן
זי שלאָפט שפּעט —
דאָס הענדעלע פּיקט ברעקעלעך —
די מאמע קומט פונעם מארק —
דו רופסט מיך, קום איך —
ער קויפט א פערדל, וואָס עס הירזשעט —
ער קויפט א הינטל, וואָס עס האווקעט —
ער קויפט א הון, וואָס קוואָקעט, קוואָקעט, ביז זי לייגט
אן איי. —

115

איך זינג לידער — איך האָב געזונגען לידער
איך טרינק טיי — איך האָב געטרונקען טיי

זינג — מיט א יוד (י)
געזונגען — מוט א וואָוו (ו)

דערשרײַב:

איך בינד — איך האָב געבונדן
דו דינגסט א פור —
ער שלינגט —
זיסל הינקט —
ארל שפרינגט —
איך ווינטש אים גוטס —
די שיף זינקט —
איך צינד א שוועבעלע —
דער גלאָק קלינגט —
דער דאך רינט —
קאטשקעס שווימען —

116

דו האָסט געזונגען שיינע לידער.
זי האָט פארבונדן דאָס טיכל.
א ייִנגעלע האָט דערשלונגען א קאָפּיקע.
איך האָב פארטרונקען די רעפּוע מיט וואסער.
מאך פון יעדער פראזע עטלעכע, אזוי ווי אין דער ארבעט 109.

117 ה

א גאנצן טאָג שלעפּט זיך דאָס פערד אין דער בלאָטע: דער באלעגאָלע טרײַבט און קלאַפּט אין די זײַטן.
די בלאָטע קלעפּט זיך צו די רעדער. דער שטריקענער שפּאן רײַבט די פעל.
דער באלעגאָלע פּאקט אָן א פולן וואָגן מיט פארשוינען און פּלאָגט דאָס אָרעמע פערדל, בראָקט אים ווי אין קרויט ארײַן.
דערצייל דאָסזעלבע ווענן נעכטן: א גאנצן טאָג האָט זיך דאָס פערד געשלעפּט אין דער בלאָטע...

**118**

## איך רײַם — איך האָב גערימען

**דערשרײַב די פּאַרפּעלטע ווערטער:**

ער שווײַגט די גאַנצע צײַט — ער האָט . . . . די גאַנצע צײַט.
דו שרײַבסט אַ בריוו — דו האָסט . . . אַ בריוו.
זי טרײַבט די טשערעדע — זי האָט . . . . די טשערעדע.
איך קלײַב שפּענער — איך האָב . . . שפּענער.
בײַלקע רײַבט כריין — בײַלקע האָט . כריין.
דו בלײַבסט אַליין אינדערהיים — דו ביסט . . . אַליין אינדערהיים.
ער ווײַזט אַ בלינדן דעם וועג — ער האָט . . . אַ בלינדן דעם וועג.
איך בײַס אַ מערעלע — איך האָב . . . אַ מערעלע.
ער בײַט אַ בלײַער אױף אַ האַלטער — ער האָט . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . אַ בלײַער אויף אַ האַלטער.

**פאַרשרײַב אין ווערטערביכל: טשערעדע, אינדערהיים, האַלטער.**

**119**

**דיקטאַט אין סאָף בוך.**

**120** ה (אוקר.)

**שרײַב איבער און דערשרײַב די פּאַרפּעלטע ווערטער:**

| | |
|---|---|
| לייג אַרײַן אין אויוון נאָך אַ . . . . . . . . האָלץ<br>. . . . . זאָל זײַן שטיל! וואָס שרײַט איר? | שאַט<br>שײַט |
| איך וויל שוין ניט עסן. איך בין שוין . . . . . . .<br>מיר שטעכט אין . . . . . . . . . . . . . . . | זאַט<br>זײַט |
| אַ רײַטער . . . . . . . אויף אַ פערד . . . . . . .<br>איך בין געווען אויף די וואַלן פון . . . . . . . . . | ראַט<br>רײַט |
| אין . . . . . ערטער וואַקסט באַוול . . . . . . .<br>פון באַוול מאַכט מען . . . . . . . . . . . . . . | ווײַטע<br>וואַטע |
| אין קיך איז . . . צוגעקליבן . . . . . . . . . .<br>די קופּערנע . . . הענגט אַ ריינע אַפּן וואַנט . . | פאַן<br>פײַן |
| אַ פידל שפּילט שענער ווי אַ . . . . . . . . . .<br>נאַ דיר ברויט — . . . . . . . . . . . . . . . . | באַס<br>בײַס |

**120 ח (ליטווו.)**

קוק איבער די פאַרגעבונגען 112, 115, 118 און שרײַב־אַרויס די טוונ־גען מיט אַ שין (ש)

**121**

שרײַב־איבער די טוונגען פון די פּראַזעס אין צוויי רובריקעס: מיט האָט אין איין זײַט און מיט איז אין דער צווייטער זײַט, און שטרײַך אונטער די ווערטער האָט און איז.

ער האָט גענומען אַ פּען. זי איז געלאָפן אַהיים. וועלוול איז גע־קומען פון שטאָט. כאַנע האָט געפונען אַ הענטל. אין גאָרטן איז גע־וואַקסן אַ באַרנבוים. ער איז געלעגן קראַנק. אַ מיידל איז געפאַלן אויפן גליטש. אין יאַנוואַר איז געשטאָרבן לענין. מיכל האָט געקלאָגט נאָך לענינען. ער איז געגאַנגען אין קלוב. דער לערער האָט דערציילט וועגן לענינען. אַ ייִנגעלע האָט געוויינט, עמעצער האָט אים געשלאָגן. ער האָט געשריִען אויף אַ קול. די זון האָט געשײַנט. די מאַמע האָט פֿאַרלאָשן דעם לאָמפּ, אַלע זײַנען שוין געשלאָפֿן. פֿריִער איז ער גע־ווען אַ שנײַדער, דערנאָך איז ער געוואָרן אַ רויטאַרמייער. די עלטערע שוועסטער האָט אויפֿגעוועקט דאָס קינד אויפן שטול. דאָס קינד איז געזעסן רויִק. דער דעזשורער האָט געשטעלט די פֿלאַש אויפן טיש. די פֿלאַש איז געשטאַנען אויפן טיש. ער האָט געגאָסן אין פֿלאַש בוימל. ער האָט פֿאַרגאָסן בוימל אויפן טיש. ער האָט פֿאַרפֿלעקט דעם טיש. מע האָט געהייסן קומען שפּעטער.

**122**

(מ) טעקסט פון 121. איבערמאַכן טיילווײַז אין ערשטער, טיילווײַז אין צווייטער פּערזאָן.

**123 ה (אוקר.)**

שטעל אַרײַן אַ פּאַסיק וואָרט אויפן ליידיקן אָרט.

| | |
|---|---|
| זי . . . . . . אַ גאַנצן טאָג.<br>דעם זונטיק האָט זי . . . . . . אַ שיינע ליד. | זינגט<br>געזונגען |
| דאָס קינד האָט . . . . . . ווארעמע מילך.<br>מאַשע . . . . . . טיי. | טרינקט<br>געטרונקען |
| אַז דער שוך איז צעריסן . . . . . אַרײַן.<br>אַז דאָס טעפּל איז צעבראָכן, . . . . . אַרויס.<br>איבערן גאַס זײַנען שוין . . . . . ריטשקעלעך. | רינט<br>געראָנען |

| | |
|---|---|
| אַ מאָדנער מענטש — שטענדיק . . . . ער | שווײַגט |
| ער האָט ניט געהאַט, וואָס צו ענטפֿערן, האָט ער. | געשוויגן |

| | |
|---|---|
| איך . . . . גוט. | שפּרינג |
| פּרוּװ אַזאַ . . . . טאָן ווי איך. | שפּרונג |

123 ה (ליטוו.)

שרײַב איבער און שטעל-צו די פּאַרפּעלטע ווערטער:

| | |
|---|---|
| ער. . . געזעסן אויפֿן שטול און געלייענט אַ צוויי טוג | בין |
| נעכטן . . איך געזען, ווי אַ פֿייגעלע... געפֿלויגן | ביסט |
| דו . . געשלאָפֿן, ביז מע . . . דיך אויפֿגעוועקט | איז |
| לייבל...אַזוי לאַנג געשפּרונגען, ביז ער...געפֿאַלן | האָב |
| איך . . . געשטאַנען און . . . געוואַרט | האָסט |
| דו . . . דאָך צוגעזאָגט מיך מיטנעמען | האָט |

124

## איך ברעך — איך האָב געבראָכן

דערשרײַב די פּאַרפּעלטע ווערטער:

דו ברעכסט דעם צווײַג — דו האָסט געבראָכן דעם צווײַג
איך גים טינט פֿון פֿלאַש — איך האָב . . . טינט פֿון פֿלאַש
איך פֿריר פֿאַר גרויס קעלט — איך בין . . . פֿאַר גרויס קעלט
ער שיט מעל און גיסט וואַסער — ער האָט . . מעל און . . וואַסער
זי וואַרפֿט ברעקלעך אויף דער ערד — זי האָט . . . ברעקלעך אויף דער ערד
ער לויפֿט איבערן גאַס — ער איז . . . איבערן גאַס

וועלכע נײַע ווערטער האָסטו זיך דערוווּסט די לעצטע טעג? פֿאַרשרײַב.

125 (מ)

דער לערער זאָגט פּראָזעס מיט קעגנוואַרט; די קינדער מאַכן איבער אין פֿאַרגאַנגענהייט.

יאַנקל ברענגט פֿון בעקערײַ ברויט.
מײַן טאַטע לײַדט אויפֿן מאָגן.
מײַן טאַטע לײַט געלט.
אַ ניט-דערצויגן קינד שפּײַט אויפֿן דיל.
די מאַמע שנײַדט ברויט.

דו שרײַסט העכער פון אלעמען.
זיי גייען צוזאמען.
א פויגל פליט.
דו ציסט א שטריק.

**126 ה**

שרײַב-איבער און שטרײַך אונטער די ווערטער, וואָס ווערן ארויסגערעדט מיט אן אקצענט (שטארקער).

הערט א מײַסע, קינדערלעך,
הערט מיט נאָז און אויגן.
איבער באָבע יאכנעס דאך
איז א קו געפלויגן.

זומער ווינטער אינדערפרי
איז א שניי געגאנגען,
און אף געברענטער שטרוי
איז א בער געהאנגען.

אף א צווײַג געטאנצט א שער
האָבן גענדז און ציגן,
און די קאַץ האָט זיך געזעצט
אויסמעלקן די פליגן:

האָט א פאווע אײַנגעשפאנט
פערד א פּאָר אין צעבער;
און בא יאַשקען אף דער נאָז
הענגט א לונג און לעבער.

דאָס איז עמעס, דאָס איז עמעס,
דאָס איז עמעס אלץ געווען.
דאָס איז עמעס, דאָס איז עמעס,
איך האָב דאָס אליין געזען.

פארשרײַב אין ווערטערביכל: מײַסע, געפלויגן, געגאנגען.

**147**

מאך-איבער די איצטיקע טוונגען אף פריִערדיקע.

דו לײַסט בא מיר דעם בוך אף א טאָג.
מיר לײַדן שטארק פון איינעם א שטיפער.
שטענדיק שרײַט ער און לאָזט ניט ארבעטן.
דער גייט, יענער לויפט, א דריטער שפּרינגט גאָר.

וואָס ברענגט די מאמע פון קראָם?
ער שניידט מיט א טעמפּן מעסער.
בינען פליען און זשומען.
שלוימקע און מוישע דערציען זיך אין קינדערהיים.

**128**

מיין ברודער עליע איז געגאנגען אין אפטייק און האָט געבראכט פּראָשקעס און גליצערינע א גאנצע פלאַש. נאָכדעם האָט ער פאַר-שפּארט דעם אלקער און האָט עפּעס געטאָן. די פּראָשקעס מיט דער גליצערינע האָט ער פארמישט אין א גאנץ גרויסן טאָפּ (ער האָט א נייעם טאָפּ געקויפט). דעם טאָפּ מיטן געמישעכטס האָט ער פארוקט אין אויוון. ער האָט געבעטן דער מאמען, האָט זי פארקייטלט די טיר. מיר אלע האָבן געמיינט מידייע וואָס. די מאמע האָט געכאפּט אלע מינוט א קוק צום אויוון. נאָכדעם האָט מען געגאָסן דאָס געמישעכטס אין א פעסל ארײַן. נאָכדעם האָט מען אָנגעהויבן גיסן אין פעסל ארײַן וואסער. אז דאָס פעסל איז פול געוואָרן העכער האלב, האָט מיין ברודער עליע געזאָגט: גענוג!

קלייב-אויס די פריערדיקע טווגען און צעשטעל זיי אין צוויי רובריקעס מיט ג ע און אָן ג ע:

| אָן ג ע | מיט ג ע |
|---|---|
| פארשפּארט | געגאנגען |

**129 ה**

שרײַב-ארויס פון א דערציילונג אין לייענבוך די פריערדיקע טווגען: שרײַב אין צוויי רובריקעס:

| אָן ג ע | מיט ג ע |
|---|---|
| | |

**130**

(מ) דער לערער זאָגט פּראַזעס מיט קעגנוואַרט, די קינדער מאַכן איבער אין פאַרגאַנגענהייט:

שאָלעם ווערט אַלט 10 יאָר.
בערל קריכט אויפן בוידעם.
די קו שטייט באַם טיר.
איך זיץ לעם טיש.
דו טוסט אַ מעלאָכע.
ער גיט מיר עסן.
איך ווייס די פאַרגעבונג.
סימע וויל לייענען.
איך רייד צו דער זאַך.
מײַן ברודער ווערט אַ ר.יטאַרמייער.
מיר ווייסן גוט די לימודים.
זייריידן הויך.

**131**

שרײַב־אָן דאָס, וואָס דו האָסט געמאַכט אין דער אַרבעט 130.

**132** ה

מאַך איבער די פּראַזעס אָט אַזוי:

מײַן מאַנטל ווערט שוין אַלט — מײַן מאַנטל איז שוין געוואָרן אַלט
דער שליטן שטייט אויפן הויף — . . . . . . . . . . . . . .
דאָס פייגעלע זיצט אין שטײַגל — . . . . . . . . . . . . .
אין שאַפע ליגט אַן איי — . . . . . . . . . . . . . . .
איך טו אַן אַרבעט — . . . . . . . . . . . . . . . .
דו ווייסט דעם סאָד — . . . . . . . . . . . . . . . .
מאָטל שטייט אויפן הויף און וואַרט — . . . . . . . . . . .
איך גיי צו ציפּקען — . . . . . . . . . . . . . . . .
די מאַמע גיסט וואַסער אין סאַמאָוואַר — . . . . . . . . . .

**133**

איך שרײַב — איך האָב געשריבן
איך פאַרשרײַב — איך האָב פאַרשריבן

דערשרײַב:

איך זע — איך האָב געזען
איך דערזע — . . . . . . . .
איך גיי — איך בין געגאַנגען

איך דערגיי — . . . . . . . .
איך פארגיי — . . . . . . . .
ער שיט — ער האָט געשאָטן
ער באשיט — . . . . . . . .
ער פארשיט — . . . . . . . .
ער דערשיט — . . . . . . . .
מיר שמירן — מיר האָבן געשמירט
מיר פארשמירן — . . . . . . . .
מיר דערשמירן — . . . . . . . .

**134**

דערשרייַב:

איך שלים — איך האָב געשלאָסן
איך פארשלים — . . . . . . . . .
איך פארליד — . . . . . . . . .
איך דערלאנג — . . . . . . . . .
דו געווינסט — . . . . . . . . .
ער געפינט — . . . . . . . . .
זי באמערקט — . . . . . . . . .
יאָסל זעט — . . . . . . . . .
לייבל דערזעט — . . . . . . . . .
איך דערשרעק אים — . . . . . . . . .
כייַעם פארדינט — . . . . . . . . .
איך גיי — . . . . . . . . .
ליזע פארמאכט די טיר — . . . . . . . . .
לייזער בענקט אהיים — . . . . . . . . .
איך פארלויף אפריער — . . . . . . . . .

**135 ה**

מאך-איבער די פראזעס אָט אזוי:

בערל קריכט אפן בארג — בערל איז געקראָכן אפן בארג
ער צעבּרעכט דעם אלטן קאסטן — . . . . . . . . . . .
סאָניע רעדט וועגן ריינקייַט אין שול — . . . . . . . . . . .
מיר ציען א דראָט אף ראדיאָ — . . . . . . . . . . .
דו פארווארפסט דאָס שטיינדל — . . . . . . . . . . .
ער געפינט באלד די העפט — . . . . . . . . . . .
איך געווין דאָס געוועט — . . . . . . . . . . .
דו צערייַסט דעם בוך — . . . . . . . . . . .

**זאלמען צעשנייַדט די שטריק — . . . . . . . . . . . . .**
**איך אנטלייַ בא אים דעם אופגאבער — . . . . . . . . . . . .**

**פארשרייַב אין ווערטערביכל: צעברעכט, רעדט, צערייַסט, צעשנייַדט.**

**136**

דער טאטע איז געקומען פון זאוואָד א פארמאטערטער. ער האָט אראָפּגעוואָרפן גלייַך די שמוציקע קליידער, געוואשן די הענט און פּנים און זיך געזעצט עסן. אז ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער זיך געלייגט אפן קאנאפּע, גענומען א צייַטונג און געלייענט. ווען דער זייגער האָט געשלאָגן אכט, האָט ער געטרונקען טיי, נאָך דעם פארקעמט מיך און זיך און מיר זייַנען אוועקגעגאנגען ביידע אין קלוב. אין קלוב זייַנען מיר פארגאנגען אין דער קלוב-ביבליאָטעק און מיר האָבן גענומען ביכער: ער פאר זיך און איך פאר זיך.

דער טאטע וועט קומען פון זאוואָד א פארמאטערטער. ער וועט אראָפּווארפן גלייַך די שמוציקע קליידער, וועט וואשן די הענט און פּנים און זיך זעצן עסן. אז ער וועט אָפּעסן, וועט ער זיך לייגן אפן קאנאפּע, וועט נעמען א צייַטונג און וועט לייענען. ווען דער זייגער וועט שלאָגן אכט, וועט ער טרינקען טיי, נאָכדעם וועט ער פארקעמען מיך און זיך און מיר וועלן אוועקגיין ביידע אין קלוב. אין קלוב וועלן מיר פארגיין אין דער קלוב-ביבליאָטעק און מיר וועלן נעמען ביכער: ער פאר זיך און איך פאר זיך.

(מ) וואָס איז דער כילעק פון דער רעכטער דערציילונג ביז דער לינקער?
(מ) דערצייל עס פונקט, ווי עס קומט פאָר איצט.




**137**

**זוך אוף דאָס בילד אין פארגעבונג 100. באטראכט עס.**

(מ) שטעל זיך פאָר, אז דאָס וועט אלץ זייַן מאָרגן, און דערצייל עס.

138 ח

שרײַב איבער און צעשטעל אין צװיי רובריקעס:

| שפּעטערדיקע טוונג | פֿריִערדיקע טוונג |
|---|---|
| | |

איבער גאסן האָבן מארשירט פּיאָנערן.
אפן פּלאַץ װעלן שפּילן די קינדער.
פון פאבריק איז געגאנגען אן ארבעטער.
די קאַץ האָט צעדראַפּעט דאָס קינד.
באלד װעט אײַנשלאָפן דאָס קינד.
נעכטן האָבן מיר געזונגען לידער.
מאָרגן װעט ער דערזשורען אין שול.
מײַן טאטע װעט קומען פון לעגינגראד.
בערל װעט פאריכטן די פענצטער.
הײַנט האָט מיך די מאמע געװעקט.
מאָרגן װעל איך אופשטיין פרי.

139

איך װעל גײן
דו װעסט גײן
ער װעט גײן
מיר װעלן גײן

דערשרײַב די דורכגעלאָזטע װערטער:

| | |
|---|---|
| איך ארבעט | — איך װעל ארבעטן |
| דו לייענסט | — דו . . . . . . . |
| ער שרײַבט | — ער . . . . . . |
| מיר שפּילן | — מיר . . . . . . |
| איך עס | — איך . . . . . . |

דו שטופּסט — דו . . . . . . .

זי וואַשט — זי . . . . . . .

מיר שפּרינגען — מיר . . . . . .

איך טרי — איך . . . . . . .

דו טאַנצט — דו . . . . . . .

ער ליגט — ער . . . . . . .

מיר שרײַען — מיר . . . . . .

**140**

(מ) דערצייל, וואָסערע אַרבעטן וועסטו האָבן אין גאָרטן.
וויאַזוי וועסטו פאַרברענגען די פרילינג-קאַניקולן?

**פאַרשרײַב, וואָסערע נײַע ווערטער האָסטו באַקומען די לעצטע צײַט.**

**141 ה**

**דערשרײַב די דורכגעלאָזטע ווערטער.**

איך פאַרבינד — איך וועל פאַרבינדן

דו דערציילסט — דו . . . . . . . .

ער צעוואַרפט — ער . . . . . . .

מיר פאַרשרײַבן — מיר . . . . . . .

איך צעשנײַד — איך . . . . . . .

זיי געפינען — זיי . . . . . . .

איך באַטראַכט — איך . . . . . . .

דו באַפּוצסט — דו . . . . . . .

זי פאַרדעקט — זי . . . . . . .

מיר דערוואַרעמען — מיר . . . . . . .

איך האָדעווע — איך . . . . . .

זיי פּויען — זיי . . . . . . .

**142**

(מ) דער לערער זאָגט אַ פּראָזע אין קעגנוואַרט, די קינדער ענטפערן — איינער אין פאַרגאַנגענהייט, אַ צווייטער אין צוקונפט.

— מוישע שאַרט שניי.

— מוישע האָט געשאַרט שניי.

— מוישע וועט שאַרן שניי.

וועלוול לויפט אין שול.

קינדער שפּילן אַפן גאַס.

מיר שפּרינגען פון באַרג.

איך צעשטעל די פּאַרטעס.
ווער געפינט די שליסלעך?
וווּ קלאַפּט ער צוועקעס?
ווען גייען זיי אין מוזיי?
פון רינווע רינט וואַסער.
עסטער פאַרוואַרפט די פּילקע.

**143**

די אַרבעט 142 מאַך שריפטלעך.
פאַרשרײַב אין ווערטערביכל: שפּרינגען, צוועקעס, פאַרוואַרפט.

**144ה**

שרײַב-איבער און פאַרפיל די ליידיקע קעסטעלעך:

| איצט | פריער | שפּעטער |
|---|---|---|
| איך שפּיל | איך האָב געשפּילט | איך וועל שפּילן |
| דו גייסט | דו ביסט געגאַנגען | |
| | | ער וועט שרײַבן |
| זי זינגט | | זי וועט זינגען |
| | זיי האָבן גערעדט | |
| | | מיר וועלן קלאַפּן |
| | איר האָט געהערט | |
| איר לויפט | | |
| | איך בין געזעסן | |

**145**

איך וועל גיין הײַנט אין שול.
איך וועל הײַנט גיין אין שול.
איך וועל אין שול גיין הײַנט.

איך וועל אין שול היינט גיין.
היינט וועל איך גיין אין שול.
ער וועט לייענען מאָרגן דעם בוך.
ער וועט מאָרגן לייענען דעם בוך.
מאָרגן וועט ער לייענען דעם בוך.
ער וועט דעם בוך לייענען מאָרגן.
ער וועט דעם בוך מאָרגן לייענען.

זוך-אויף אין די אלע פראזעס דאָס וואָרט וועל און גיין, דאָס וואָרט וועט און לייענען.

**146**

באלד וועט שוין קומען דער פרילינג. דאָס טייכל וועט גיך-גיך לויפן. מיר וועלן הינטער שטאָט גיין און מיר וועלן דעם וואלד און פעלד באקוקן. פויגלען וועלן מיט געזאנג די לופט פאר-הילכן. העט ווײַט הינטער שטאָט וועט דער פאסטעך זײַן טשערעדע פאשען. די קי וועלן פרישע גראָז קײַען און דאָס פאסטעכל וועט פון יונגע ריטלעך קערבלעך פלעכטן. א בושל וועט שטיין אף איין פוס, ער וועט דעם קאָפּ פארוקן הינטערן פליגל און וועט דעם לאנגן האלדז ווארעמען. זאָל ער שוין קומען, דער פרילינג, וואָס גיכער! זאָל מען שוין קענען לויפן אין פעלד!

(מ) ווו זײַנען דאָ טווגען? ווען קומען פאָר די טווגען? פון וויפל ווערטער באשטייען די טונגען

די צוויי ווערטער פון די שפּעטערדיקע טוונגען שטייען אמאָל איינס לעם אנדערן, אמאָל באזונדער.

| |
|---|
| איך קום — איצטיקע טוונג — איין וואָרט |
| איך וועל קומען — שפּעטערדיקע טוונג — צוויי ווערטער |

| |
|---|
| דו גייסט<br>דו וועסט גיין |
| דו זאָגסט<br>דו וועסט זאָגן |
| דו לויפסט<br>דו וועסט לויפן |

**147 ה**

**שרײַב-אָן וועגן דעם, וואָס דו וועסט טאָן, אז דער פרילינג וועט קומען.**

**לײען-איבער און פאריכט, ווו דיר גפעלט ניט.**

**שטרײַך-אונטער אומעטום די צוויי ווערטער, וואָס ווײַזן א שפּעטערדי-קע טוונג.**

**148**

(מ) יעדערער זאָגט, וואָס ער האָט ליב צו טאָן; דערנאָך מאכט ער דערפון דרײַ פראזעס אין אלע דרײַ צײַטן.

צ. ב.

נעכטן האָב איך געשפּילט. הײַנט שפּיל איך. מאָרג וועל איך שפּילן.

**149**

**מאך-איבער די שפּעטערדיקע טוונגען אף איצטיקע טוונגען:**

דער לערער וועט ווײַזן אף מיר מיטן פינגער.
דער מוליער וועט ווײַסן די שטוב.
די מאמע וועט בראָקן לאָקשן.
דער פויער וועט גראָבן די ערד.
דער כאָר וועט זינגען שײנע לידער.
דער וואָגן וועט זינקען אין קויט.
דער לײב וועט לעבן אין זאָאָלאָגישן גארטן.
דו וועסט קלעפּן א מײַזעלע פון לײם.
דו וועסט שלעפּן די ציג פאר די הערנער.
דער וועבער וועט וועבן לײַוונט פון לײַן.
דו וועסט פרוון מאכן די פארגעבונג.
דו וועסט מיך רופן אין קלאס.
ער וועט זאָגן דעם עמעס.

(דער לערער ווענדט די אופמערקזאמקײַט אף דער אָרטאָגראפיע).

**פארשרײַב אין ווערטערביכל: זאָאָלאָגישער גאָרטן, לײַוונט.**

**150 ה**

**מאך-איבער די שפּעטערדיקע טוונגען אף איצטיקע טוונגען:**

דו וועסט אים זאָגן א סאָד.
שאָלעם וועט מיך רופן צו גאסט.
ער וועט פרוון שפּרינגען איבער דער קלאָץ.
ער וועט מיר ווײַזן זײַנע בילדער.
דו וועסט ווײַסן דעם אויוון מיט קאלך.

דער פערד וועט זינקען אין בלאָטע.
דאָס פייגעלע וועט זינגען און איך וועל הערן.
דו וועסט גראָבן א טיפע גרוב.
די באָבע וועט בראָקן מערלעך אף צימעס.
מײַן ברודער וועט לעבן אין מאָסקווע.
בערל וועט קלעפּן א הינטעלע פון ברויט.
ער וועט שלעפּן דאָס שליטל פארן שטריק.
דו וועסט וועבן א גארטעלע.

**151**

דערשרײַב:

ער זינגט לידער; ער האָט געזונגען לידער; ער וועט זינגען לידער.
איר טרינקט טיי; איר . . . טיי; איר . . . טיי.
איך קלינג אין גלאָק; איך . . . אין גלאָק; איך . . . אין גלאָק.
לייבל שפּרינגט אף איין פוס; לייבל . . . אף איין פוס;
לייבל . . . אף איין פוס.
דער טאטע דינגט א פור האָלץ; דער טאטע . . . א פור האָלץ;
דער טאטע . . . א פור האָלץ.
דו זינקסט אין בלאָטע; דו . . . אין בלאָטע; דו . . . אין בלאָטע.
זי הינקט אףביידע פיס; זי . . . אף ביידע פיס;
זי . . . אף ביידע פיס.
איך ווינטש דיר אלדאָס גוטס; איך . . . אלדאָס גוטס;
איך . . . אלדאָס גוטס.
דו פארבינדסט דעם פינגער; דו . . . דעם פינגער;
דו . . . דעם פינגער.
דער קאצעוו שינדט אן אָקס; דער קאצעוו . . . אן אָקס;
דער קאצעוו . . . אן אָקס.

**152** דערשרײַב:

זי האָט הײַנט געזונגען — זי וועט מאָרגן אויך זינגען.
דו האָסט געפונען דײַן העפט? — איך וועל מײַן העפט ניט . . .
פון דאך האָט גערונען — באלד וועט שוין פון דער סטעליע אויך . .
איך האָב מײַנע ביכער גענומען — דו וועסט . . . דײַנע ביכער.
מאניע האָט געוווּנען דעם געוועט — איך וועל . . . אן אנדער געוועט.
איך בין געשוווּמען איבערן טײַך — דו וועסט . . . גיכער פון מיר.
גאָלדע האָט געשלונגען פלוימען — ער וועט . . . שטיקלעך אײַז.
דער שטומער האָט געוווּנקען מיטן פינגער — ווען איך וועל . . .,
וועט ער צוגיין

| | |
|---|---|
| ער וועט געפינען<br>ער האָט געפונען | ער וועט געווינען<br>ער האָט געוווּנען |

ער וועט נעמען
ער האָט גענומען

**153** ה (אוקר.)

**שרײַב-איבער און פאַרפיל די ליידיקע קעסטעלעך**

| איצט | פריער | שפּעטער |
|---|---|---|
| איך זינג | איך האָב געזונגען | איך וועל זינגען |
| | | איך וועל שווימען |
| דו געפינסט | | |
| | דו האָסט גע-טרונקען | |
| זי ווינקט | | |
| | מיר האָבן פאַר-בונדן | |
| איר קלינגט | | |
| | | זיי וועלן געווינען |
| דו שפּרינגסט | | |
| | | זי וועט נעמען |

**154** ה (ליטוו.)

**מאַך איבער די טוונגען אויף שפּעטערדיקע טוונגען.**

דער לערער רופט מיך צום טאָפל.
די מאַמע הייסט מיר זיך זעצן.
ער זאָגט דיר אַ סאָד אפן אויער.
איך דערקען דיך פונוויטן.
ער זעט זי אַלע טאָג.
דער טאַטע גיט איר געלט.
מײַן ברודער נעמט מיך אין טעאַטער.
אין שטאָט קויפט ער מיר אַ מאַנטל.
איך ווײַז איר דעם וועג.
ער פאָלגט דיך אַלעמאָל.
איך שטופּ זי פון בערגל.
ער באַווײַזט איר די בילדער.

154

**מאַך־איבער די שפּעטערדיקע טוּונגען אַף איצטיקע טוּונגען.**

די קאַץ וועט לעקן מילך.
דו וועסט וועגן פּוטער אפן שאָל.
סימע וועט פאַרוויגן דאָס קינד.
אַז עס וועט טאָגן, וועט ער מיך וועקן.
ער וועט רײַזן איבער דער וועלט.
זומער וועט שמערל רײַסן עפּל.
מײַן האַמער וועט קלאַפּן צוועקעס אין וואַנט.
דו וועסט גלייבן אין זײַנע רייד.
האָדל וועט זופּן קאַלטע וואַסער.
דו וועסט זיפּן מעל אַף אַ זיפּ.
דו וועסט די האַלדז זעגן און ער וועט האַקן.

(דער לערער ווענדט די אויפמערקזאַמקייט אַף דער אָרטאָגראַפיע).

155

**מאַך־איבער די פריערדיקע טוּונגען אַף איצטיקע טוּונגען**

ער האָט צעבראָכן דעם שטעקן.
דו ביסט געוואָרן געזונט.
איר האָט געשאָטן זאַמד אין קאָרב.
מיר האָבן פאַרגאָסן די טינט.
ער האָט פאַרוואָרפן די פּילקע.

ער האָט געשפּיגן אין בּרונעם.
דו האָסט אָף אים געשריִען.
א קראָ איז געפלויגן איבערן דאך.
דו האָסט געקריצט מיט די ציינער.
איר האָט געוווּסט דעם לימעד.
ער האָט געוואָלט עסן.
דו האָסט גערעדט וועגן מיר.
דער בּעקער האָט געשניטן בּרויט.
ער איז געוועזן רויִק.

**פאַרשרייַבּ די נייַע ווערטער, וואָס זייַנען דיר צוגעקומען די לעצטע טעג.**

**156 ה**

**מאַך-איבּער די שפּעטערדיקע טוּונגען אָף איצטיקע טוּונגען.**

דער הונט וועט לעקן א בּיינדל.
ער וועט וועגן און מעסטן סכוירע אין קאָאָפּעראַטיוו.
בּערל וועט וויגן די קינדער אין א וויג.
דו וועסט מיך וועקן, ווען עס וועט טאָגן.
דו וועסט צערייַסן די שטריק.
דו וועסט פאַרקלאַפּן דעם קאַסטן.
קיינער וועט אים ניט גלייבּן.
דער מאַליער וועט זיפּן זאַמד אין א רעשעטע.
דו וועסט זופּן טיי פון גלאָז.
איינער וועט זעגן, דער צווייטער וועט האַקן.

**שטרייַך-אונטער מיט א פּאַסיקל די ווערטער מיט אַקצענטן.**

**157**

הערט, כּעוורע, וואָס עס האָט געטראָפן מיט זעליקן!

ער גייט נעכטן אין גאַס, זעט ער עפּעס א רעדל. גייט ער צו נעענטער, זעט ער א ציגייַנער מיט א בּער אָף א קייט. טראַכט ער פאַר זיך, אז ער בּלייַבּט דאָ א ווייַלע און אין שול פאַרשפּעטיקט ער אָף עטלעכע מינוט. און ווי ער טראַכט אזוי, הערט ער א ווילדן רע-וועון פונעם בּער, דערשרעקט ער זיך, פאַלט ער אין כאַלאַשעס און ער בּלייַבּט ליגן אָף אַן אָרט. ווייַטער געדענקט ער גאָרנישט. ער גע-דענקט נאָר, ווי ער פאַלט און ווי איינער א באַכער האַלט אים אונ-טער. געקומען צו זיך איז ער שוין אינדערהיים. דערפאַר איז ער נעכטן ניט געוועזן אין שול.

איך וואָלט זיך א האָר ניט דערשראָקן פאר א בער, וואָס מע האלט אף א קייט.

(מ) וועלכע טוונגען ווערן דאָ דערמאָנט?

(מ) באַמערקט, ווו שטייט דאָ ע ר פאר דער טוונג, און ווו נאָך דער טוונג.

שרײַבט-איבער און שטרײַכט אונטער די טוּנגען מיט איין שטריך — און דעם וואָרט ע ר מיט צוויי שטריכן.

פארשרײַב אין ווערטערביכל: נעענטער, ציגײַנער, כאלאָשעס, געדענקט

**159**

דערשרײַב ווי דאָ איז אָנגעוויזן:

ער שרײַבט א בריוו — באלד שרײַבט ער א בריוו.
זי זיצט אין שטוב — הײַנט . . . . . אין שטוב.
זיי לאָזן מיך ניט צורו — קיינמאָל . . . . מיך ניט צורו.
ער וויים בעסער פון אלעמען — שטענדיק . . . בעסער פון אלעמען.
ער זאָגט, קום שפאצירן — קום. . . . . . . ,שפאצירן.
איך נעם פון שאפע א בוך — פון שאפע . . . א בוך.
איך שנײַד דעם בלײַער מיט א מעסערל — מיט א מעסערל . . . . . דעם בלײַער.
זי כאפט אף זיך דעם מאנטל און לויפט ארוים — טייקעף . . . . . אף זיך דעם מאנטל און לויפט ארוים.

(דער לערער לייגט אכט, די קינדער זאָלן ניט שרײַבן דעם צײַטוואָרט מיטן פראָנאָם צוזאמען).

**160 ה**

שרײַב-איבער דאָס מײַסעלע פון פארגעבונג 157, נאָר אָנשטאָט ז ע ל י ק שרײַב ז ע ל ד ע.

**161**

בין איך מיר א שוסטערל,
רופט מען מיך רעב מיכל,
נעם איך מיר אזוי די נאָל
און שטעק ארײַן אין שיכל.

ווערט אין זויל א לעכעלע —
שטעך איך אָן א טשוועקל.

אַט אזוי, אַט אזוי
קלאַפּ איך מיטן העקל.

(מ) הער דערציילט עס — דער שוסטער אליין צי עמעצער אנדערש ?

שרײַב-איבער אזוי, ווי דו וואָלסט עס דערציילט:
איז ער זיך א שוסטערל......

וואָס א טויבער דערהערט ניט,
דערלייגט ער.

162

איך האָב מיר א מיכלקע, ער וווינט אף דער לאנגער גאַס,
ער מאכט מיר, וואָס ער וויל, ער מאכט מיר, וואָס ער קען.
ער מאכט מיר א פּיַפּעלע, א פּיַפּעלע.....

שרײַב-איבער, און די אויסגעטיילטע ווערטער צעשטעל פארקערט:
האָב איך מיר א מיכלקע......

## א ייִנגל מיט קאפּריזן:

רויע עס איך ניט,
געקאָכטע ליב איך ניט,
געבאקטע וויל איך ניט.

שרײַב-איבער אזוי ווי דו וואָלסט דערציילט וועגן דעם ייִנגל.

163 ה.

וועל איך נאָר פארוועלן, וועל איך קענען אליין מאבן א מיל.
און וועט איר וועלן, וועל איך אײַך אויך אויסלערנען.

די ערשטע זאַך וועט איר דארפן ווארטן ביז עס וועט ווערן וואַרעמער, דעמאָלט וועט איר קענען אויסטאָן זיך באָרוועס און אהײַנקריכן אין טײַך. דערנאָך וועט איר אָנווארפן שטיינדלעך אין טײַך, וועלן זיי פארצוימען דאָס וואסער. דאָס וואסער וועט ניט האָבן וווּ אהיצוטאָן זיך, וועט עס לויפן פארבײַ די שטיינדלעך. אף יענעם אָרט וועט איר אוועקשטעלן א ראָד, וועט זי זיך דרייען. און דאָ וועט איר שוין האָבן א פארטיקע מיל.

פאראיאָרן האָב איך אליין געמאכט אזא מיל, האָט זי זיך געדרייט אָן אנטיק. עמעס, דערנאָך האָב איך זי אליין צעוואָרפן. אָבער געווען איז זי פונקט ווי אן עמעסע.

שרײַב-איבער און שטרײַך-אונטער די ווערטער ער, זי, זיי, איך, איר

**163**

שרײַב־איבער און שטעל אף די ליידיקע ערטער די פאסיקע ווערטער פון דער לינקער זײַט.

| | |
|---|---|
| הײַנט איז א גוטער . . . . . | וועט ער |
| מאָרגן . . . . . שוין זײַן געזונט | וועטער |

| | |
|---|---|
| די ראטנמאכט האט אָפּגענומען בא די פּריצים די . . און בא די בורזשוען די פאבריקן. | גיט ער |
| מוישל איז ניט קיין שלעכטער — אז מע בעט בא אים עפּעס, . . . . . . | גיטער |

| | |
|---|---|
| שטענדיק פארדרייט ער די . . . | ווערט ער |
| און אז מע זאָגט אים, . . . בייז | ווערטער |

| | |
|---|---|
| איך האָב ארײַנגעשטעקט די ליכט אינעם מעשענעם . . | לײַכטער |
| מיר האָבן אופגעהאנגען א לאָמפּ, . . . . . . זייער גוט | לײַכט ער |

| | |
|---|---|
| אין א שטיבל בא דער ערד זיצט א . . . מיט זײַן פערד. | רײַט ער |
| פליט ער, לויפט ער, . . . . . . . אום די גאנצע וועלט | רײַטער |

### ש פּ א ס

בא אונדז איז פאראן א יינגל, רופט מען אים עסטער
וואָס פאר א גרײַז איז דאָ? שרײַב עס אָן ריכטיק.

**164**

(מ) וואָס באטײַט עס ?

שפּאצירן איך געגאנגען בין.

ווי דארף מען דאָס זאָגן ריכטיק ?

(יעדערער קען פאָרלייגן אן אנדער פאָרמע, צ. ב. :

שפּאצירן בין איך געגאנגען

איך בין געגאנגען שפּאצירן

געגאנגען בין איך שפּאצירן

. . . . . . . . . . .

שרײַב עס אָן אזוי, ווי דיר געפעלט.
דאָ זײַנען די ווערטער ניט גוט צעשטעלט:

באגעגנט א קליין האָב הינטעלע איך.
א בלינדס געווען דאָס הינטעלע איז נאָך.
איך גענומען דאָס הינטעלע האָב אף די הענט.

איך עס אהיים אוועקגעטראָגן האָב:
מילך איך אים האָב אין א שעלכל געגעבן:

שרײַב עס איבער, נאָר צעשטעל די ווערטער ריכטיק.

165 ה

לייען עס איבער.

מיר זיבן שעפּסעלעך געהאַט האָבן.
געווינטערט צוזאמען מיט אונדזער קו זיי האָבן:
זיי מיט שטרוי און היי די מאמע האָט געהאָדעוועט.
האָבן נישקאָשעדיק געגעסן זיי.
אַף זיך געטראָגן זיי האָבן וואָל לאנגע.
געקומען פרילינג איז.
גרעזעלעך גרינען געגומען האָבן:
די שעפּסעלעך אוועקגעטריבן מיר האָבן אין פעלד ארײַן:

צעשטעל בעסער די ווערטער פון יעדער פראַזע, אזוי ווי דו וואָלסט אליין זאָגן.

לייען עס נאָכדעם ווײַטער איבער, און זע, צי עס לייענט זיך גוט.

166

## א שמועס

— ווער ביסטו?
— איך בין א מענטש:
— איך זע, אז דו ביסט א מענטש, ניט קיין פערד: אָבער ווי הייסטו?
— איך הייס, ווי מע האָט מיר א נאָמען געגעבן:
— פון וואָס לעבסטו?
— איך לעב פון דעם, וואָס איך עס.
— וואָס-זשע עסטו?
— איך עס, וואָס סע מאכט זיך.
— פונוואנען קומסטו און וווהין גייסטו?
— איך קום פונווײַטן, און גיי ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן.

שרײַב ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער.

שרײַב איבער דעם שמועס אזוי, ווי מע וואָלט גערעדט ניט מיט איינעם, נאָר מיט צוויי מענטשן:

— ווער זײַט איר?
— מיר זײַנען מענטשן.

. . . . . . . .

168

| | | |
|---|---|---|
| איך זע | דו זעסט | ער זעט |
| זע איך | זעסטו | זעט ער |

דערשרײַב:

איך זאָג — זאָג איך
זי רעדט — . . . .
דו גייסט — . . . .
מיר גייען — . . . .
דו ווילסט — . . . .
איר עסט — . . . .
איך זינג — . . . .
ער שלאָפט — . . . .

זיי שרײַען — שרײַבן זיי
דו פרעגסט — . . . . .
ער שרײַבט — . . . . .
דו נעמסט — . . . . .
דו הערסט — . . . . .
איר בעט — . . . . .
זיי ליגן — . . . . .
דו פאָלגסט — . . . . .

169 ה שרײַב עס איבער און פאַרפיל די ליידיקע קעסטעלעך:

| וואָס זאָג איך? | וואָס זאָגסטו? | וואָס זאָגט ער? | וואָס זאָגט זי? |
|---|---|---|---|
| וווּ בין איך? | | וווּ איז ער? | |
| | ווען קומסטו? | | |
| | | וואָס שרײַבט ער? | |
| | | | וועמען רופֿט זי? |
| וווּהין לויף איך? | | וווּהין לויפט ער? | |
| | ווען פאָרסטו? | | |
| | | | פאַרוואָס וויינט זי? |
| וועמען דאַרף איך? | | | |
| | | וואָס זאָגט ער? | |
| וועמען רוף איך? | | | |

**169**

פונוויַטן זעט זיך א פּיַערל און עס הערט זיך הינטעשע בילערײַ:
ער בלאָזט זיך ווי אן אינדיק.
אז מע לייגט זיך ניט געגעסן, שטייט מען אוף ניט געשלאָפן.
עס טרייסלען זיך די צוויַגן.
עס רעדט זיך לײַכטער, ווי עס טוט זיך.
עס רוקט זיך א גראָוער וואָלקן.
ער פוילט זיך ארבעטן און ער איַלט זיך.

באמערק, ווי עס ריידן זיך ארויס די אויסגעטיילטע ווערטער און ווי זיי שרײַבן זיך.

**170**

קריינדל האָט זיך געפילט פאר א גאנצער באַלעבאָסטע אין שטוב. פלעגט די מאמע אוועקגיין אף ארבעט און קריינדל האָט גע-טאָן אירע מעלאָכעס. האָט זיך נאָר אָפּגעפּארטיקט פון דער שטוביקער ארבעט, האָט זי זיך גלײַך געזעצט לייענען, שרייבן:

קריינדלס מאמע האָט געארבעט אין דער נאכט-מישמורע. איינ-מאָל האָט זיך קריינדל געזעצט לייענען באַם טיש און איז אנטשלאָפן געוואָרן; דעם לאָמפּ האָט זי ניט פארדרייט. שלאָפנדיק, האָט זי בים-לעכוויַז געשלעפּט די טישטעך, ביז דער לאָמפּ האָט זיך איבער-געקערט און די גאזע האָט זיך אָנגעצונדן. שכיינעס האָבן דערזעען דעם פיַער, האָבן זיי זיך ארײַנגעריסן אין שטוב און האָבן קוים גע-ראטעוועט קריינדלען.

שרײַב איבער און שטרײַך אָן די פּריערדיקע טוונגען מיט א שטריך אונטן און זיך מיט א שטריך אויבן.

פארשרײַב אין ווערטערביכל:
באלעבאָסטע, אוועקגיין, מעלאָכע, שלאָפנדיק.

ד **171**

אז מײַן עלטערער ברודער וועט זיך באַפרײַען פון דער שול-ארבעט, וועט ער זיך נעמען פאריכטן דאָס שיפל: ער וועט זיך נע-מען גלײַך פאר דער ארבעט: ער וועט צוגרייטן אלע געציַיג, וואָס מע באדארף, און ער וועט עס מאכן ווי דער סיידער איז.

זומער וועט ער זיך שיפן, וועט זיך נעמען פאר פיש-פאנגערײַ: זומער, ווען דאָס וואסער וועט ווערן קלענער, וועט זיך כאפּן פיש אָן א ברעג: ווען עס וועט זיַין א שטילער וועטער, וועט ער מיך אויך

מיטנעמען. ער וועט זיך אף מיר ניט פארלאָזן, אז איך זאָל אליין פאָרן. ער זאָגט צו מיר:

— אז דו וועסט אונטערוואקסן, וועסטו זיך דעמאָלט אליין שיפן.

שרײַב איבער און שטרײַך אָן די שפּעטערדיקע טוונגען מיט א שטריך אונטן און זיך מיט א שטריך אויבן.

פארשרײַב וועלכע נײַע ווערטער האָסטו זיך דערוווסט די צײַט.

**172**

שויעליק מיט יויעליקן האָבן געפּויעלט בא דעם טאטן, ער זאָל זיי דערלויבן בויען א בײַדל פארן הינטל. זיי האָבן עס אויסגעבויט לעם טויער.

יויעליק האָט געקראָגן אן עקבער, אויסגעבויערט צוויי לעכלעך, — איינס אין סלופּ פון טויער און איינס אין וואנט פון שטאל, — האָט ארײַנגעשרויפט צוויי שרויפן און איבערגעצויגן א לאנגן דראָט איבערן גאנצן הויף.

דעם הונט האָט ער אָנגעטאָן א קייט מיט א רינגל און דאָס רינגעלע אָנגעטאָן אפן דראָט. דער הונט קען פרײַ ארומלויפן איבערן גאנצן הויף. זאָל נאָר א גאנעוו פרווון קומען אהין, וועט ער שוין פון דאָרטן א גאנצער ניט ארויס.

שרײַב איבער און דערנאָך שרײַב ארויס אלע ווערטער מיט וי.

**173**

# באם טײַך

באם „ראָס" איז א לעבן: דאָרט איז פרײלעך! דאָרט טרינקען אָן באלעגאָלעס זייערע פערד וואסערפירערס שעפן אָן וואסער אין די פעסלעך. דאָרט שטייען ווײַבלעך און מיידלעך און וואשן גרעט קלאפן און שפריצן מיטן פראטש, אזש פונקען פליען. יינגלעך באָדן זיך פלעסקען זיך לערנען זיך שווימען און כאפּן פישלעך. זיי טוען זיך אוים צווישן די שטיינער שפרינגען אין טײַך ארײַן אלע שרײַען אלע פילדערן: „זע, ווי איך שווים! זע, ווי איך ליג אפן רוקן! זע בעסער, ווי איך גיי טריט-וואסער! זע, ווי איך טוק זיך! זע, ווי איך מאך בולבעס!"... אלע ריידן אלע באוויײַזן קונצן.

שרײַב איבער, דערשרײַב קאָמעס ווו ס'פעלן, שטרײַך אָן מענטשן און זאכן מיט א שטריך אונטן, און טוונגען — מיט א שטריך אויבן.

פארשרײַב אין ווערטערביכל:

פרײלעך, באלעגאָלע, וואסערפירער, פליעסקען זיך, פילדערן.

174 ה

## פ י אָ נ ע ר ן

היינט איז קיינער ניט געשלאָפן,
קינדער ליגן אויגלעך אָפן,
און זיי דוכט זיך, אז זיי הערן,
ווי עס גייען פּיאָנערן.
גייען איינער נאָך דעם צווייטן,
מיט א גרויסער פאָן א רויטער,
מיט א פויק און א טרומייט,
גרינע בלוזעס, שניפּסן רויט.
גייען פלינק און שפאן נאָך שפאן:
טראם — טראם — טארא — ראם...

שרייב איבער און שטרייך אונטער מענטשן און זאכן מיט איין שטריך,

טוונגען מיט צוויי, סימאָנים — מיט דריי.

175

מיר האָבן געמאָלט א שיינעם געמעל.
די הויכע געביידע האָט דער סאָוועט געבויט.
די מאמע האָט געקאָכט געשמאק געקעכטס.
א מאָדנע געוויקס איז געוואקסן אין גאָרטן.
דער יעגער איז אוועק אף געיעג.
א גרויסער געוויטער האָט זיי געטראָפן אין וועג.
נעכטן האָב איך געהערט א אינטערעסאנטע געשיכטע.
דער לערער האָט געלייענט א געדיכט.
א פיינעם געדאנק האָט געזאָגט אוורעמל.

(מ) אויסקלייבן די ווערטער מיט „גע” און באשטימען, וועלכע זיינען טוונגען און וועלכע ניט. ווענדן די אופמערקזאמקייט, אז מע שרייבט „גע” מיט אן ע).

176 (מ)

קלינג-קלאנג און קלינג-קלאנג! איז געווען א מאָל א צוואנג.
האָט די צוואנג געהאט א רינג — קלאנג-קלינג.
אזוי לאנג און אזוי ברייט — און פון רינגעלעך א קייט.

אין א כאטקע — ליים און שטייגלעך,
צוגעוואקסן צו דער ערד,

האָט געוווינט א מענטש א לאנגער
מיט זיין הייסן ווייסן פערד.

פּלייצעם שטאַרקע, פּעסט און שלאַנק —
קיינמאָל טוט אים גאָרניט באַנג.

---

א זון גייט אויף מיט אונדזער גאַנג,
א פרייד שאַלט אויף מיט אונדזער קלאַנג.

---

א קראַנקן פרעגט מען, א געזונטן גיט מען.

---

לאָז א הונט אַפן באַנק, קריכט ער אַפן טיש.

---

א נאַרעשקייט גערענקט זיך.

---

וואָסער איז דאָס וואָלוולסטע געטראַנק.

ווי רעדט איר ארויס די ווערטער „קלאַנג", „צוואַנג", „לאַנג", „שטאַנג", „שלאַנק", „באַנק", „גאַנג", „געדענקט"?
וויאַזוי שרייבן זיי זיך?
וועלכע נאָך אַזעלכע ווערטער ווייסט איר?
(די ווערטער, וואָס זיי רופן אָן, שרייבן זיי אַפן טאָוול).

**177 ה (אוקר.)**

אַפן הימל א יאַריד.
דאָס היטל איז גוט, נאָר דער קאָפּ איז צו קליין.
וואָס טוסטו? — גאָרנישט. — און דו? — איך העלף אים.
דאָס אויג איז מער באַגלייבט ווי דער אויער.
די מײַסע הייבט זיך אָן מיט א הון און מיט א האָן
אז מע לאָזט א הונט אַף דער באַנק, שפּרינגט ער אַפן טיש.
קרום איז ניט גלײַך, אָרעם איז ניט רײַך.
טעוויע ווײַזט דעם פערד א היי אין סידער.
פיל הענט מאַכן צו דער אַרבעט גיך אַן ענד.
טרײַב דאָס פערד ניט מיט קיין בײַטש, נאָר מיט האָבער.
אָן הענט, אָן פיס און אָן א האק און מאַכט א בריק.
שרײַב איבער, שטרײַך אונטער די ווערטער, וואָס הייבן זיך אָן מיט א היי (ה), דערנאָך שרײַב זיי ארויס באַזונדער.

**177 ה (ליטוו.)**

איך אַן דיר און דו אַן מיר, אַזוי ווי א קליאַמקע אַן א טיר.
מיך רופּט איר? — דיך רוף איך.
אז דו וועסט מיך ניט טשעפּען, וועל איך דיר ניט שטערן.
אַז דער טאַטע וועט דיך באַגעגענען, וועט ער דיך אָפּשטעלן

און וועט דיר הייסן גיין אהיים.

די מאמע האָט דיר געשריַען דורכן פענצטער, אז זי דארף דיך עפּעס האָבן.

אָט דאָס רופט זי דיך, קעדיי דיר דערציילן די מײַסע.

שרײַב איבער און שטרײַך אונטער די ווערטער מיר, דיר מיט איין שטריך און מיך, דיך מיט צוויי.

**178**

ער איז געפאלן און געמאכט זיך א בײַל אפן שטערן.
ווער עס וועט שטערן אַף דער פארזאמלונג, וועלן מיר ארויסשיקן.
מיין עלטערע שוועסטער וווינט בא איר שווער.
איך שווער, אז איך וועל אויספירן לענינס געבאָטן.
אפן וועג ליגט א שטיין.
איך וועל שטיין לעם אײַער שטוב.
דער שטיפער האָט געקראָגן קלעפּ.
איך קלעפּ א קעצעלע פון ליים.
מיר באַקן ווייצענע פלעצעלעך.
באם יאַט זײַנען רויטע באַקן.
צווישן גאָלדען און כאנען איז א קריג.
פולע קריג מיט קאלטע וואסער ברענגען מיר אהיים.

(מ) וואָס הייסט שטערן, שווער? א. א. וו.

שפּאס

ווען נייט א שנײַדער אומזיסט?
— ווען ער מאַכט ניט קיין קניפּל.

וואָס הייסט אומזיסט?

**179**

מיר האָבן שוין דורכגעמאכט הונדערט אכט און זיבעציק פאר-געבונגען, און איצט גייט די הונדערט נײַן און זיבעציקסטע. דאָס איז שוין די לעצטע ארבעט פאר הײַנטיקן יאָר. קיין היימישע פארגעבונג וועט איצט ניט זיין, ווײַל ס'איז שוין סאָף יאָר.

מיר האָבן פארענדיקט דעם ערשטן טייל „שפּראך". מיר האָבן זיך אויסגעלערנט א היפּשע ביסל: מיר וויסן באשטימוואָרט און אומבאשטימוואָרט, מיר וויסן איינצאָל און מערצאָל, מיר ווייסן איצטיקע טוונג, פריערדיקע טוונג און שפּעטערדיקע טוונג, מיר וויסן אקצענט, מיר וויסן צווייפּונקט און קאָמע, פראגע, אויסרוף און פונקט.

אכוץ דעם האָבן מיר זיך אויסגעלערנט שרײַבן ריכטיק אסאך ווערטער.

מיר האָבן נאָך געלייענט אין דער זעקס און אכציקסטער ארבעט, ווי מע דארף זיך באגיין מיט א בוך.

איבעראיאָר וועלן מיר לערנען ווײַטער און מיר וועלן זיך אויס־לערנען נאָך מער.

(באם לייענען איליוסטרירט מען מיט קורצע בײַשפּילן די יעדיִעס, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט. פאר א בײַשפּיל אף צווייפּונקט און קאָמעס קען דינען טאקע אָט דער טעקסט — דער צווייפּונקט נאָך „א היפּשע ביסל״ און די קאָמעס ווײַטער).

---

דיקטאט 35

## אן עקסקורסיע אין דאָרף

פריִער זײַנען געווען נאסע טעג. נאָכדעם האָט אויסגעשײַנט א שיינער טאָג. האָבן מיר באשטימט גיין אין דאָרף אף אן עקסקורסיע. פון שטאָט זײַנען מיר ארויס גאנץ פרי. אין דאָרף זײַנען מיר גלײַך פארגאנגען צו א פויער אָפּרוען. דעם פויערס טעכטער האָבן אונדז גוט אופגענומען. איין טאָכטער האָט אונדז מעכאבעד געווען. זי האָט אָנגעגאָסן גלעזער מילך און יעדן קינד געגעבן א גלאָז.

אז מיר האָבן אָפּגערוט, זײַנען מיר אוועק איבערן דאָרף. מיר האָבן זיך דערוווסט, וויפל באלעבאטים עס לעבן דאָרט און יעדערנס נאָמען. די נעמען האָבן מיר פארשריבן אף א צעטל. מיר האָבן זיך דערוווסט, אז אלע האָבן ערד אין פעלד און גערטנער. סעדער האָבן ניט אלע. בעהיימעס האָבן אלע. פערד — ניט אלע.

די קינדער לויפן דאָרט ארום מיט הוילע קעפּ. די קלייניקע פויזען גאָר ארום ווי ווערים איבערן דיל. מע גיט אף זיי ווייניק אכטונג.

דיקטאט 119

זומער איז פאָרט פריילעכער ווי ווינטער. זומער זײַנען געווען גאָר אנדערע מעלאָכעס. אָט האָט מען באַדאַרפט קלײַבן אוגערקעס, זײַנען אלע געווען צווישן די בייטן און מע האָט געקליבן. רײַסן עפּל — האָט מען געריסן. דערבײַ פלעגט מען זינגען, און געזונגען טאקע ווי דער סיידער איז. און אז מען איז אין גאָרטן אָדער אין סאָד, קאָן מען עפּעס בײַסן. האָט מען געביסן אן אוגער־קע, אן עפּל און אנדערע זאכן. דערווײַל איז כעוורע געווען איינינעם. האָט מען געטאנצט, געשפּרונגען. שפּרינגען האָט כעוורע ניט פײַנט. אז מע פלעגט בלײַבן אליין אונטערן פרײַען הימל, פלעגט מען ווײַזן, וואָס מע קען: מע פלעגט זיך טרײַבן ווי פערדלעך איינער דעם צווייטן, לויפן, זיך קערן. גוט געווען זומער.

---

# אינהאלט: